מיט הארציקע פריינטשאפט
נ. ד. קארמאן
פילא. יולי 1943

נ. ד. קאָרמאַן

# באַרג - ארויף

## לידער און פּאָעמען

פאַרלאַג „פּריינט" . פילאַדעלפיע, פּאַ.
1943

אַרויסגעגעבן פריער:

אַ ביכל „אויף אינדזלשער ערד”, האַוואַנאַ, קובאַ, 1927. אגב, דאָס ערשטע אידישע ביכל, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין האַוואַנאַ.

פינף לידער פון יענעם ביכל ווערן דאָ איבערגעדרוקט אין דעם אָפּטייל „קובאַ־לאַנד”.



209

דער בוך איז אויסגעזעצט פון י. בוראַקאָוו
זייטלעך גע׳סדר׳ט פון דוד סעלצער
דרוקעריי: „פּראָמפּט פּרעס”, ניו יאָרק.

מיט ליבשאַפט תמר׳ן און
דבורה׳לען

# מיין לאַנד איז אין קריג!

עס יאָגט זיך דער שונא, מיט פייער און בראַנד,
צו לענדער און פעלקער
און אויך צו מיין לאַנד.
ער טראָגט זיך מיט חורבה און דונערט און קראַכט —
און יאָגט מיט ווילדן געוואָי
צו דער שלאַכט...

עס האָט זיך דער שונא אין פריינטשאַפט געהילט —
מיט קינדערשן שפּילצייג
די מוחות פאַרשפּילט;
אַ קראָ האָט געגרייט זיך פאַר אָנפאַל און רויב —
און אַ ראָב האָט פאַרשטעלט זיך
פאַר אַ פרידלעכער טויב...

די קראָען און ראָבן פון ווייטן יאפּאַן,
די שותפים פון טויט
צו דעם נאַצי־טיראַן —
זיי זיינען באַפאַלן מיין פאָלק און מיין לאַנד;
און ס'ענטפערט מיין פאָלק זיי מיט
פייער און בראַנד!

מיין לאַנד איז אין קריג
און מיין פאָלק אויף דער וואַך!
און ס'האָט זיך אויף שונא צעוויגט שוין דער קראַך —
מיט טאַנקען און שיפן, מיט ביקס און מיט קויל;
ס'זאָל אויפגיין מיין לעבן
אָן שאַנד און אָן גרויל...
מיין לאַנד איז אין קריג!

די נאַכט ווערט צערונען ביים רויש פון מאַשין.
עס זינגט דער באַגין מאַשינען געזאַנג —
און יעדע סעקונדע לויפט אָפּ מיט אַ זין —
און ס׳קלינגט דאָ דער שטאָל
מיט אַ האַסטיקן קלאַנג:
מיין לאַנד איז אין קריג!

ניטאָ איצט קיין צייט פאַר לבנה און זון —
קיין שבת און יום־טוב פאַר אָפּרו פון מי —
עס קאָכן די קעסלען מיט בליי און טשוגון;
זאָל לעבן דאָס לעבן,
וואָס שטייט איצט אין קאָן!
מיין לאַנד איז אין קריג!

זאָל וויען מיט שטערן און שטרייפן מיין פאָן!
און זאָל היינט צעזידן מיין צאָרן און האַס
צום רויבער פון לענדער,
צום ווילדן פאַשיסט,
וואָס פייניקט און מאָרדעט
מיין פאָלק און מיין קלאַס!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

היי, שטאָל־גיסער, אַרבעט!
שטאָל־גיסער, גים!
גים אוים אונדז אַ לעבן, אַן גרוילן, אַן שאַנד!
און פאַר זיג!
דעם שונא׳ס געביין זאָל היינט ווערן פאַרוויסט!
זאָל יעדער היינט געבן צושטייער זיין האַנט
פאַר לאַנד
מיין לאַנד איז אין קריג!

# פילאַדעלפיע, 1943

פיר און צוואַנציק שעה׳ען אין מעת-לעת
קלינגט דער האַמערדיקער קלאַנג —
אויף קופער, בלעך, אויף שטאָל און אייזן.
ריטמיש זינגט די שטאָט איר ליד צום קריג —
און ס׳זינגט די מענטשן-מי און רעדער קרייזן זיך
מיט ליד צום זיג!

פיר און צוואַנציק שעה׳ען אין מעת-לעת
גיסט זיך הייסער שטאָל און פייער שפריצט
ביים שווייסעווען די פלאַטן;
דער שונא האָט די ציינער אונדז פאַרקריצט
אין אַלע אַכט און פערציק שטאַטן...

עס זינגט מיין שטאָט מאָטאָרן-ליד —
און נייע שיפן לאָזן זיך אין גאַנג —
און ס׳בויט די שיפט זיך אין פאַבריק,
נאָר ס׳ווערט ניט שטום דער שטאָליקער געזאַנג.

די קוימענס רויכערן מיט וואָלקנס רויך
און רעדער דרייען זיך אין וויכערדיקן דריי —
מיט הענט, מיט זיכערע, פירט דער מענטש
דעם כוח פון דער מאַשין
צו רוים, צו טאָקיאָ, צו בערלין!
צום שונא און צו שאַנד פון אַלע דריי...

מיין שטאָט איז אויף דער וואַך מיט שטאָליקן געזאַנג —
און ס׳וואַרט דער פרייהייטס-גלאָק
אין „אינדעפּענדענס-האָל״ אויף זיגערישער האַנט,
וואָס וועט זיין שטומע צונג אַ לאָז טאָן אינעם גאַנג
און אויפקלינגען דעם פרידן צו דער וועלט,
די פרייהייט און דאָס גליק צום מענטש!

גיין

# הער פרעזידענט, הער קאַפּיטאַן!

(צום פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן,
פרענקלין דעלאַנאָ רוזוועלט)

הער פּרעזידענט,
הער קאַפּיטאַן!
ס'איז אונדזער שיף אין שטורעמדיקן ים.
דער ים איז סם...
דער שטורעם:
בלוטיקער ציקלאָן...
און אויפן מאַסט-בוים
ווייעט אונדזער פאָן
און רייסט זיך דורך די וואָלקנס
צו דער זון...

דאָס לעבן דאָ פון יעדערן מאַטראָז
איז איינגעשטעלט אין קאָן...
נאָר ס'האָבן מאַמעס אָפּגעשיקט די זין
אין ווייטיק און אין צער,
ווייל אונדזער שיף,
ווייל אונדזער לאַנד איז אין געפאַר...

הער פּרעזידענט,
הער קאַפּיטאַן!
כ'האָב היינט געזען אַ מאַמע אָפּשיקן איר זון,
זי האָט באַגלייט אים צו דער באַן.
זי האָט מיט טרערן אין די אויגן אים געקושט,
ווי ער וואָלט נאָך איצט געווען אַ פּיצל-קינד,
הער קאַפּיטאַן!

און ווייסטו ווי אַזוי זי האָט צו אים גערעדט ? —
מיט טרערן אין די אויגן און געבעט :
פאַרשעם מיך ניט, מיין זון,
פאַרשעם ניט אונדזער לאַנד און אונדזער פאָן !
דער טאַטע האָט אים, דריקנדיק די האַנט,
דער מאַמע׳ס ווערטער נאָכגעזאָגט
און מיט אַ שבועה אויף די ליפּן צוגעזאָגט
צו זיין אַ חיים סאַלאָמאָן !...

און ווייסטו וואָס עס איז זייער וואָרט צו דיר,
הער פּרעזידענט ?
אַז ווען די שיף וועט דורכשווימען דעם ים,
זאָל מער קיין מענטש ניט זיין געשענדט !
זאָל מער קיין איד ניט וויסן פון געטאָ־ווענט !
זאָל מער די וועלט ניט טרינקען זיך
אין היטלער־סם !...

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווי אין זיבעצן זיבעציק זעקס,
ווערט איצט אויפסניי געבוירן אונדזער לאַנד.
צעיאָגן זיך די ווייען פון געבורט
אין פייער און אין בראַנד...

ס׳האָט וואַשינגטאָן דעם זיידן דאָ געפירט, —
ס׳האָט לינקאָלן דעם קאַמף פאַר אונדז געקעמפט.
זאָל טויזנט־פאַכיק זיין מיט גליק באַצירט
די מאָרגנדיקע וועלט...
הער פּרעזידענט,
הער קאַפּיטאַן !

# פּראַיוועט מענדל

מענדל שיינט אין זיין מונדיר,
די שוועסטער קוועלט — עס פּאַסט אים גוט.
די באַקן יונג און מיט קאָליר —
ס'איז פּראַיוועט מענדל פול מיט מוט.

ער שמייכלט און ער שטיפט און לאַכט
און מאַמע'ס האַרץ איז ווי פאַרקלעמט —
פיר טעג דאָ אינדערהיים פאַרבראַכט,
איצט פאָרט איר זון צוריק אין קעמפּ.

ס'איז שווער געווען די ערשטע שוּלונג —
און ווי אַ לאַסט נאָך דאָס געווער ;
מאַמע, זע די הענט-מוסקולן !
ס'טוט קיין שלעכטס ניט ס'מיליטער.

נעמט מענדל צאַרט אַרום זיין מאַמען
און ס'קלינגט דער אָפּדרוק פון אַ קוש :
— מען זאָל אינגיכן זיין צוזאַמען,
זאָלסט זיין צוריק נאָך ביי מיין טיש !

עס איז אין שטוב דיין בעט איצט ליידיק. —
און ס'דריקט דער טאַטע אים די האַנט.
— טאַטע, זאָרג ניט ! מאַמע, וויין ניט !
איך גיי פאַרטיידיקן מיין לאַנד !

עס איז מיין לאַנד, מיין היים און לעבן,
און ס'איז מיין פאָלק איצט אין געפאַר —
עס וועט מיין ביקס דעם שונא געבן,
וואָס אים קומט פאַר אונדזער צער !...

צוועלף

# בריוו פון פראַיוועט מענדל

טאַטע-מאַמע שווייגן, שטומע —
און משפחה פרעגט און פרעגט:
איז אַ בריוו שוין אָנגעקומען,
איז אַ בריוו כאָטש דאָ פון וועג?

ס'לויפן וואָכן און חדשים,
ס'ציען לאַנג זיך אויס די טעג.
צאַפּלען אָנגעשטרענגטע חושים —
איז אַ בריוו כאָטש דאָ פון וועג?

ס'הערט דער בריוו-טרעגער די פראַגע:
— האָסט אַ בריוו היינט פון מיין זון?
און ער פילט דער מאַמע'ס דאגה
און ער זאָרגט זיך אויך דערפון...

נאָר ער ענטפערט: זיי געדולדיק,
ס'קען אַ בריוו נאָך קומען היינט!
און אַליין ער פילט זיך שולדיק,
ווי אַן אַלט-געטרייער פריינט...

וואָכן און חדשים שווימען —
ס'ציען לאַנג זיך אויס די טעג...
און ס'איז אַ פּעקל בריוו געקומען,
זיך פאַרהאַלטן אינעם וועג...

פון אַן אינדזל אין פּאַסיפיק,
אָן אַ נאָמען, אָן אַדרעס.
אין יעדן וואָרט עס קלאַפּט זיין דופק —
וואָס-זשע אַרט אונדז וואו ער איז?!

דרייצן

ער שרייבט: ער האָט דריי בריוו באַקומען
פון דערהיים און פון אַ פריינט, —
און זיי אַרומגעשמעקט ווי בלומען —
און זיי אַ גאַנצע נאַכט געלייענט...

זאָרג ניט, מאַמע, זאָרג ניט, טאַטע,
זאָרגט ניט שוועסטער, ברידער, פריינט!
כ'בין אין שלאַכט נאָך ניט לעת־עתה —
און די זון דאָ שיינט און שיינט...

כ'קען פון זיך קיין סך ניט שרייבן,
זייט געזונט! און זייט געגריסט!
ס'וועט דורך אונדז אין וועלט ניט בלייבן
מער קיין איינציקער פאַשיסט!...

## נאָטע דער שניידער רעדט זיך דורך
## מיט דער ניי־מאַשין...

דאָס לעבן גייט, דאָס לעבן לויפט,
ווי פאָדים אויף מאַשינען —
און נאָטע זיצט אין שאָפּ און נייט,
און ס'קומט אים אויפן זינען:

אַז ער, און אויך זיין ניי־מאַשין
איז אַלט און אָפּגעפאָרן, —
אַזביידע האָבן אָפּגעדינט,
אין שאָפּ, אַזוי פיל יאָרן...

פערצן

ער רייניקט זי דאָ יעדן טאָג
און אוילט־אוים אירע גלידער —
און היט זי, ווי אַן אויג אין קאָפּ —
און שעצט זי, ווי אַ ברודער.

— איז גיכער, גיכער, ניי־מאַשין,
און פּראָווע ניט קיין שטיקלעך!
מיר האָבן באַלד שוין אָפּגעדינט —
זאָגט נאָטע איר אויסדריקלעך...

— אַז כ׳וועל אַמאָל אין כעס אויף דיר,
נו, האָב ניט קיין פאַריבל!
ס׳איז, ווייסט דאָך, ס׳משוגעת אין מיר —
און כ׳בעט דערנאָך דיך איבער...

דו קענסט דאָך מיך שוין יאָרן לאַנג,
דו קענסט מיך נאָך אַלס „גרינעם".
דו מיינסט אפשר ,אַז ס׳טוט ניט באַנג;
כ׳בין אויכעט אַ מאַשינדל...

נו, גיכער, גיכער ניי מאַשין!
און מאַך אַ שטאָך אַ ריינעם!
אויב ניט האָט מען צו טאָן מיט אים —
מיט אונדזער באָס, דעם פיינעם...

דו הערסט אים, גראָדע, ווי די קאַץ —
נאָר איך האָב פון אים צרות:
— נאָט, זאָגט ער, קוקט אַן אַ לאַץ!
איר טויגט שוין אויף כפרות!...

ער אירצט מיך, ווען ער ווערט אין כעס,
און רופט מיך ניט ביים נאָמען;
כ׳וואָלט לאַנג געווען שוין אויף דער גאַס —
ווען ניט דאָס שטיקל יוניע...

פופצן

אַמאָל האָב איך געברענט אַ וועלט —
געדענקסט די גוטע צייטן?
„פּלענטי" שטונדן, ווינציק געלט —
און דאָך אַ לייט מיט לייטן...

פאַרמאָגט אַ שוואַרצן קאָפּ מיט האָר,
אַ מויל געזונטע ציינער,
און פריילעך געזונגען ביז גאָר;
און איצט — עס ווילט זיך וויינען.

דער דאָקטאָר זאָגט: מיין האַרץ איז שוואַך.
ער זאָגט מיר: „טעיק איט איזי"!
און רעדן רעדט ער ניט קיין סך,
ביי אים איז תמיד ביזי...

קריך ניט, זאָגט ער, אויף קיין טרעפּ
און יאָג זיך ניט און לויף ניט!
און גיט אַ קוויטל — אַ רעצעפּט,
און זאָגט מיר: גיי און קויף עס!

אַז כ'קום אַהיים איז ס'ווייב מיינס בייז,
ס'איז גאָרניט אויסצוהאַלטן!
זי זאָגט מיר, אַז דער „סילינג-פּרייז"
וועט נאָך דעם הימל שפּאַלטן...

זי מיינט דעם יקרות דאָ אויף אַלץ,
אויף עסנוואַרג און קליידער;
ס'וועט קלעקן קלעקן נאָר אויף ברויט מיט זאַלץ
מיין פרייטיקדיקע פעידע!...

שאַ, שריי ניט! קאָך זיך ניט!
מ'עט דורכקומען מסתמא.
און אפשר העלפט דער יקרות מיט
צו געווינען די מלחמה?...

זעכצן

ווערט מיין ווייב ערשט רעכט אין כעס
און זאָגט, אַז כ׳בין משוגע;
דו ווייסט דאָך, אַז איך מאַך אַ שפּאַס,
נאָר זי גאָר איז די קלוגע...

יאָ, אַזוי! שרייט אוים מיין ווייב.
יאָ, אַזוי! און טאַקע?!
אַ בראַנד דאָרט היטלער׳ן אין לייב!
און מאַסלינקעלען *) אַ מכה!

און דעם יאַפּאַנטשיק אַכצן ברעך!
איי, כ׳זאָג דיר, עס געפעלט מיר. —
מיינע, ווייסטו, שעלט ניט שלעכט,
אַפילו אויף דער עלטער...

נו, גיכער, גיכער ניי-מאַשין!
גיכער און געפאָרן! —
און ס׳גיט מאַשין זיך אַ צעפלי —
ווי אין די יונגע יאָרן...

און ס׳גיט מאַשין זיך אַ צעניי
אויף די סאָלדאַטסקע קליידער.
— „אַט-אַ באַי!" „אַט-אַ באַי!" —
קוועלט נאַטעלע דער שניידער...

---

*) מוסאָליני׳ן.

# אויף דער היטל־מאַכער בירזשע

ביזי, ביזי, ביזי, ביז...
קיינער ווייסט ניט וואו מע איז —
און ווער מע איז און וואָס מע איז —
ביזי, ביזי, ביזי, ביז...

ס'לויפט!
ווער לויפט? וואָס לויפט?
וואוהין לויפט?
וואָס, דו ווייסט ניט?!
גיי שוין, גיי!
ר'האָט די „פראַנטלעך" *) שוין געקויפט,
עס דאַרף דאָך היטלען די אַרמיי.

ס'ווערט אַ רעש און ס'ווערט אַ טומל,
און מע האָוועט און מע רעדט;
מע שווערט זיך אַזש ביי גאָט אין הימל,
און מ'איז גרייט צו אַ געוועט...

ברודער יאַנקל און סאַקולע,
ברודער טריטיאַק, ברודער וויים:
— הונדערט טויזנט!...
— טאַקע פולע?
— יאָ, עס האָט זיי מיסטער פריים.

איז דאָ אַ וואָרט און דאָרט אַ שושקע —
דאָ און דאָרט אַ סוד אין אויער;
זע נאָר, ווער עס גייט,
אַליושקע!
אַ, מע קומט! מע קומט קאַפּויר...

---

*) דאַשקעס.

האָ, דערשמעקט? און אָנגעקומען!
אָנגעקומען גלייך צום גרייטן...
גיי האַלט אויף פּאַר אים אַ יוניע!
גיי אין סטאַרקע!
גיי דיר, גיי דיר!

און דערוויל אַנטליי אַ ניקל,
בעט אַ פּרעסער, ברודער דזשאָו.
הונדערט טויזנט, אָן אַנטיקל!
און גוט-מאָרגן און האַלאָ!

סעי, וואָס הערט זיך?
גייסט אין יוניאָן?
וויפיל ביזטו שולדיק דיוס?
וואָס-זשע אַרט דיך,
מ'עט שוין מאָנען —
און ס'צעשמייכלט זיך די נאָז...

— טאַקע אמת, הונדערט טויזנט?
וויפיל לייטע וועלן גיין?
— זיי קיין נאַר נישט, הונדערט טויזנט!
כ'האָב געהערט, אַז ס'איז נאָך מיין...

ס'לויפן העטס און ס'לויפן היטלען
„סי סי סי" און „אָווערסי"!
מע זאָגט, אַז ס'לויפט אַ מיליאָן היטלען,
איז עפּעס וועט אַריין דאָ הי...

מיינסט מסתּם הואַווערס צייטן, —
איצט איז רוזוועלט אויפן פערד!
וואָס-זשע ווילסטו?! וואָס-זשע שרייסטו?!
ס'איז דאָס פאַך נאָך גוט אין דר'ערד...

# אַ בריוו צו אַ רויט־אַרמייער

ברודער מיינער, חבר, רויט־אַרמייער,
איך שרייב אַ בריוול דיר פון אַרבעטער אין שאָפּ,
ס׳איז אונדזער וואונטש,
ס׳איז אַלעמענס באַגער:
קלאַפּ!

קלאַפּ און שלאָג!
ביז היטלער׳ס גיכער מיתה,
אַז בלייבן זאָל פון זיי אַ באַרג מיט אַש.
מיר בעטן דיך צו צילעוועז ביים שיסן —
מיר בעטן דיך צו שלאָגן מיט קוראַזש!

מיר רעדן דאָ, אין מיטאָג שעה, אַפּרעיטאָרס,
אַז היטלער׳ס זיגן זיינען גאָלע בלאָף,
איז בעסער פריער, פריער, איידער שפּעטער,
קלאַפּ און שלאָג!
און מאַך פון זיי אַ סוף.

אונדזער גורל דאָ, ווי מענטשן און ווי אידן,
אונדזער מאָרגן איז איצט איינגעשטעלט אין קאָן, -
זיי וויסן, אַז די בלוטן אין אונדז זידן,
איז שרייב אונדז, וואָס מיר זאָלן פאַר דיר טאָן.

צוואַנציק

פאררויכער, חבר, אונדזער ציגארעטל —
און מיט דער באַמבע פאררויכער דעם פאשיסט.
און זע ס'זאָל דבר'ן, אויף שונא, ס'פּולעמיאָטל,
און זיי געזונט און האַרציק זיי
געגריסט!

פּ. ס.
שיס, דו פּולעמיאָט און שטעפּ די פאַסמעס קוילן.
אויף שונא'ס יעדער קויל —
שיס הונדערט אַפּ צוריק!
און טרעף אין ציל,
אין גרויל פון אַלע גרוילן —
אין סאַמע קאָפּ פון בלוטיקן פאשיסט!

# אין אומרו...

עס יאָגט זיך דער אומרו
אַריין אין מיין לייב —
און קען זיך קיין אָרט ניט געפינען,
און ס'ווילט זיך אַ נעם טאָן
אַ ביקס אין דער האַנט,
אַ לייוונטן פּאַס מיט פּאַטראָנען...

זיך לאָזן אין גאַנג,
מיט אַ זעלנערשן טראָט,
מיט אומרו, מיט האַס אין די גלידער —
אויף יענע, וואָס מאַכן
צו שאַנד און צו שפּאָט
מיין פאָלק, און מיין קלאַס
און מיין ברודער...

עס יאָגט זיך דער אומרו
אַריין אין מיין לייב —
און ס'לאָזט מיך דער אומרו ניט רוען;
נעם איך אַ פּעדער אין האַנט
און איך שרייב
אין שפּעטע ביינאַכטיקע שעה'ען.

מיר דוכט, אַז עס ווערט
פון מיין פעדער אַ ביקס —
און ס'יאָגן די ווערטער, ווי קוילן, —
און טרעפן אין האַרץ
פונעם ווילדן פאַשיסט,
אינעם גרויל פון די בלוטיקסטע
גרוילן...

צוויי-און-צוואַנציק

עס יאָגט זיך דער אומרו
אַריין אין מיין לייב —
און ס'לאָזט מיך דער אומרו ניט שלאָפן;
כאָטש עמיצער האָט מיר אַ שלאָף־פּיל
פאַרגרייט,
אַ סמ'יקע שלאָף־פּיל צום שלאָפן...

איך שיק דעם רעצעפּט זיי צוריק
מיט אַ דאַנק —
איך פרעג ניט ביי פרעמדע קיין עצה;
איך בין נאָך ניט מיד!
איך בין נאָך ניט קראַנק!
איך בויג ניט אין דרייען מיין פּלייצע...

איך שיק צו מיין ברודער
אַ פלאַמיקן רוף
אין שפּעטע ביינאַכטיקע שעה'ען:
העי, ברודער,
מאַך אויף דיינע אויגן פון שלאָף —
ווען ס'קראַקען און ס'לויערן קראָען...

האַלט אָפענע אויגן,
באַפויסטיק דיין האַנט,
מיט אומרו, מיט צאָרן אין גלידער
אויף די וועלכע מאַכן
צו שפּאָט און צו שאַנד
מיין פאָלק, און מיין קלאַס און
מיין ברודער...

# מיר טאָרן ניט שווייגן, מיר טאָרן ניט רוען!

מיר טאָרן ניט שווייגן, מיר טאָרן ניט רוען!
אין בלוטיקע, גרויזאַמע, פינצטערע שעה'ען
פון רויב און פון פּלינדער...
אַ וועלט וועט ניט לעבן אויף יושר פון קראַען —
אויף יושר פון תליון,
פון מערדער און צינדער...

מיר טאָרן ניט שווייגן, מיר טאָרן ניט רוען!
מיר וועלן ניט לאָזן זיך שענדן און קוילן!
מיר וועלן ווי לאַווע,
ווי הייסער משוגון
זיך לאָזן אין גאַנג קעגן נאַצישע גרוילן!

אַ וועלט וועט ניט ווערן פאַרוויסט און פאַרפּייניקט,
פון מאָנסטערס און בעסטיעס,
פון נאַצישע שלאַנגען;
אַן אויפבּרויז פון מענטשן, וואָס קעמפן פאַראייניקט,
דעם שונא פון מענטשהייט אַ טויט צו דערלאַנגען!

מיר טאָרן ניט שווייגן, מיר טאָרן ניט רוען!
ווען שונא פאַרגוואַלדיקט פרויען און קינדער
און קוויקט זיך מיט בלוט
אין די פינצטערע שעה'ען. —
מיר טאָרן ניט שווייגן!
מיר טאָרן ניט רוען!

פּיר-און-צוואַנציק

# אויף הויכע רישטאָוואַניעס

עס באַקט די זון אויף הויכע רישטאָוואַניעס;
איך גיס אויף זיך די עמערס מיט בעטאָן.
פון אונטן דרייען זיך די אויסגעפּוצטע פּאַנעס
און פרעגן ציטערדיק:
וואָס גייט דאָ אָן?

איך שרעק זיך ניט,
עס שרעקט זיך ניט מיין ברודער;
די צייט איז האָפערדיק,
דער טאָג איז הייס.
מיר דאַרפן היינט אויף הויכע רישטאָוואַניעס,
הענט מאָזאָלישע
און שטאַרקן פלייס.

אַזוי פיל הינט,
אַזוי פיל פעטע צויגן,
טשאַטעווען און האַווקען מיטאַמאָל;
בלאַנקט דער שטאָל אין פינקלדיקע אויגן:
אַרבעט, אַרבעט גיכער, און פּאַשאָל!

מיר דאַרפן טריט איצט,
זיכערע, געזונטע,
ניטאָ קיין צייט פאַר ציטערדיקער שרעק;
מיט שטראַלן זוניקע,
שפּיזיקע און בונטע,
פאַראויס, פאַראויס!
אין שטורעמדיקע טעג!

פינף-און-צוואַנציק

# באַרג־אַרויף

אין געלאַף, מיט אימפּעט, אַן אָפּשטעל
איך לויף צו אַ ציל...
שטייען צילברעטער אויפן וועג,
אָנגעטאָן אין לעבנס, און פאַרשטעלן
מיט זייערע שוואַרצע צילינדער־שאָטנס
דעם וועג צום ציל;
נעם איך אַ ביקס אין דער האַנט
און איך שיס, און איך לויף
באַרג אַרויף.
עס איז נענטער צו גיין באַרג אַרויף,
ווי צו גיין ביי דער זייט.
ס׳איז אַ פרייד,
ס׳איז אַ פלאַמיקע פרייד
צו העלפן אַ שטופּ טאָן די צייט
באַרג אַרויף.
היי, ברודער, מיט אימפּעט!
היי, ברודער, מיט שטורעם!
מיט ביקס אין דער האַנט באַרג־אַרויף!

זעקס־און־צוואַנציק

# קינדער פון אונדזער צייט

קינדער שפּילן זיך מיט פּיילן-בויגנס —
ס'איז דוכט זיך גאָרניט קיין ל"ג-בעומר היינט.
אַז ס'קוקט דער טויט אין קינדערישע אויגן —
העלפן קינדער אָפּווישן דעם פיינט...

קליינע קינדער אונדז פאַרשיידענע מעטאַלן —
טראָגן אָן אונדז גומי און פּאַפּיר.
ס'וועט העלפן אויסגיסן און אויסשאַרפן קינדזשאַלן
און אָפּיאָגן דעם שונא פון דער טיר...

ס'שפּילן קינדער זיך מיט שפּילצייג עראָפּלאַנען
און האָפּערדיק איז קינדערישע פרייד ;
עס גייט מיט אונדז, עס שפּאַנט מיט אונדז צוזאַמען
דאָס קינד פון אונדזער שווערער צייט...

# צו מיין קינד

(דבורה׳לען אַ מתנה)

וויין ניט, קלאָג ניט, קינד מיינס,
ס׳גייט די וועלט ניט אונטער,
ס׳האָבן גרויע כמאַרעס נאָר פאַרשטעלט איר שיין. —
באַלד וועט זון אַרויס צוריק ווי רויטער צונטער —
וועלן לעצטע פּרעהס פון דער ערד פאַרגיין...

ס׳ווילן ווילדע חיות אונדזער וועלט פאַרצוקן —
נאָר מאָרגן וועט די זון זיין ליכטיקער צעהעלט!
שווער וועט אין איר בלענדקייט זיין אַריינצוקוקן
און אַ פרייד וועט אויפגיין אויף דער גאַרער וועלט.

נאָר ערגעץ וועלן קינדער קיינמאָל שוין ניט וויסן
פון קיין מאַמע׳ס צאַרטקייט, פון קיין טאַטנס גלעט.
ס׳האָבן זיי די מערדער לעבעדיק צעריסן,
זאָל די ערד ,די האַרטע, זיין זייער ווייכע בעט.

און וויסן זאָלסטו, קינד מיינס,
פון העלדן און מאַרטירער,
וואָס האָבן זייערע לעבנס איינגעשטעלט אין קאַן!
זאָל די וועלט די גאַנצע זינגען זיי אַ שירה
און הויך און שטאָלץ נאָך טראָגן
די יושר׳דיקע פאָן!

און וויסן זאָלסטו, קינד מיינס,
אַז בלוט האָט זיך געגאָסן,
און מענטש האָט מיט דער חיה אָנגעפירט אַ שלאַכט.
און אַלע מענטשן-חיות אין דער וועלט דערשאָסן
און איינגעשטעלט אַ זוניקע, אַ יושר׳דיקע מאַכט!

אַכט-און-צוואַנציק

# אַ מענטש קוקט אַריין אין זיין צייטונג...

אַ מענטש קוקט אַריין אין זיין צייטונג,
ביי אַ טישל אין רעסטאָראַן.
אַ פרייד שווימט אַרוים פון זיין ווייטיק —
ער זעט שוין דעם מאָרגן אין שפּאַן...

עס גיסט זיך נאָך בלוט אין די גאַסן —
עס פאַלן נאָך קעמפער אין שלאַכט;
און מאַמישע טרערן, ווי וואַסער —
נאָך רינען אַריין אין דער נאַכט...

ס'האָט שונא געהאַנגען, געשאָכטן,
געברענט און געשענדט און גערויבט.
און מענטש האָט געקעמפט און געפאָכטן —
ביז לעצטע מינוטן פון טויט...

ס'האָט שונא, דורך אידישע שחיטות —
דורך אידישן ווייטיק און צער —
געוואָלט זיין געביין זיך פאַרהיטן,
און בלייבן, אין לענדער, דער האַר...

אויב בלייבן — וועט בלייבן אין רייסטער,
פאַר דורות אַ בלוטיקער בלאַט...
אַ לויב-ליד צו מענטשלעכע מייסטער,
וואָס האָבן געטויט דעם פאַרראַט!...

עס ווערט שוין דער שונא געטריבן,
צוריק און צוריק...
באַזיגט ווערט דער נאַצישער ליגן,
דער מענטש שפּאַנט אויף צו זיין גליק!...

— — — — — — — — — — — — — —

אַ מענטש קוקט אַריין אין זיין צייטונג,
ביי אַ טישל אין רעסטאָראַן.
אַ פרייד שווימט אַרוים פון זיין ווייטיק —
ער זעט שוין דעם מאָרגן אין שפּאַן!

גיין-און-צוואַנציק

צווייטער אָפּטייל

# מיין ברודער־לאַנד

ר
ו
ס
י
ש
ע

ערד

# מיין ברודער־לאַנד

גייט-אויף אין ברודער-לאַנד אַ פרילינג נאָך אַ פרילינג
און העלע פאָן צעפלאַקערט זיך אויף רויט, —
איז וועלט און ברודער-לאַנד מיט מיר אַ דריילינג
געבוירן אַזש פון מאַמע-נויט, מיט אירע ברייטע אָרעמס..

• • •

איז אונדזער ערד צעוואַקסן זיך מיט קברים,
וואָס צייכענען די פלאַמענדיקע טעג —
אין מזרח, מערב, צפון, דרום,
בלוטיקט אויס זיך אונדזער וועג...

• • •

פון קעלערס און פון בוידימער,
פון גאַס און פון געוועלבן,
זיי גייען לוסטיק-פריילעכע
מיט סערפּן אין די הענט,
דערקענסט מנחם מענדלען ניט,
ער איז שוין ניט דער זעלבער —
ער איז אַ מענטש מיט זיכערע מוסקולנדיקע הענט.

• • •

איבער גרינע פעלדער בינדן מיר די גאַרבן.
גאָלדיק-גרינע גאַרבן
וועט איר ניט באַשוואַרצן,
וועט איר ניט באַגעלן, מיט קרעמערישע פאַרבן,
ווייל זון איז אונדזער לעבן
און זוניקע מיר שטאַרבן...

דריי-און-דרייסיק

# צו בירא־בידזשאַן

**איצטער** שווייגסטו מער ניט, טאַיגע!
האָסט יאָרהונדערטער געשוויגן.
זינגסטו מיט אַ נייעם אינהאַלט,
זינגסטו מיט אַ נייעם ניגון.

אין דיין זינגענדיקן עכאָ
איז אַ פרייד פאַראַן,
רייסן לידער זיך אַלץ העכער
אין בירא-בידזשאַן.

אין קאָלווירטן, אין פאַבריקן
אויפבוי אומגעשטערט, —
ס׳קענען אידן זיך שוין קוויקן
מיט דער מאַמע-ערד...

ליב און אייגן איז די פראַצע —
און עס וואַקסט די פרייד,
ווען עס איז דאָס פעלד צעאַקערט
און פאַרזייט.

און ווען גאָלדיק-רייפע זאַנגען
פאַלן אינעם שניט —
ווערן הילכיקער די קלאַנגען
פון דיין אידיש ליד.

ניט פון „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען״
זינגט מען אין סאָוועט —
אויף דיין אידישער פאַרזאַמלונג
זינגט דער סאָצ-געוועט!

פיר-און-דרייסיק

זינג-זשע, איד,
און זינג אַלץ העכער —
אין קאָלווירט און אין פאַבריק!
ס׳איז דיין לעבן יונג און זיכער
אין דיין רעפּובליק!

אין דיין לאַנד פון די סאָוועטן
אייגן זיינען אונדז די זיגן,
זינג-זשע, טאַיגע, זינג אונדז העכער!
העכער! שטאַרקער!
ניט געשוויגן...

1936

## דעם מאָרגן אַנטקעגן

צעצונדענער פייער אין הארץ
ביי די מאַסן
פון אַלערליי פעלקער
און אַלערליי ראַסן
גייט-אויף מיט אַ פלאַקער —

און ברידער פון וועב-שטול,
פון אַקער און האַמער,
שטרעקן די הענט זיך
און גייען צוזאַמען
אויף ליכטיקע וועגן.

ביי סלופּעס פון גרענעצן,
ימ׳ען און ברעגן,
זיי גייען דעם ליכטיקן מאָרגן אַנטקעגן!

וועט עמיצער פרעגן:
צו וואָס איז דאָס שפּאַנען,
אַ פרעמדער וואָס ווייסט ניט
וואוהין און פון וואַנען?
וועט עמיצער פרעגן.

טאָ ענטפער אים, ברודער,
מיט פייער פון גומען:
מיר קומען פון הונגער־וועלט,
פיין און יסורים,
און גייען דעם ליכטיקן מאָרגן אַנטקעגן!

וועט כאָר זיך צעזינגען
אויף העכסטע אָקטאַוועס
אַ ליבּ־ליד צום ברודער
אין לאַנד פון אָקטיאַבער,
וועט כאָר זיך צעזינגען —

אָ, ליב איז דאָס לאַנד אונדז
אויף אַלערליי שפּראַכן,
פון מוטיקע וועכטער,
וואָס העלפן באַוואַכן
דאָס לאַנד פון אָקטאָבער.

עס גייען כינעזער, אינדוסן און ווייסע —
און שוואַרצע, מיט הערצער צעגליטע און
הייסע,
פאָראויס איבער גרענעצן, ימ'ען און ברעגן
דעם זוניקן ליכטיקן מאָרגן אַנטקעגן!

זעקס־און־דרייסיק

# פּאַרטיזאַנען

עס וואַכט אין וואַלד אַ יעדער בוים
און שפּיצט די צווייגן־אויערן אָן —
אַ פּאַרטיזאַן, ער שעפּטשעט קוים,
דערציילט:
אין רויטן הויז פונעם סאָוועט
הוליעט איצט דער נאַצי־שטאַב.
עס פלאַטערט דאָרט די היטלער־פאָן;
מיין שוועסטער האָבן זיי אַהין פאַרשלעפּט;
ווי ס׳פלעגט אַמאָל אַ היצל כאַפּן הינט —
אַזוי האָט מען די מיידלעך היינט געכאַפּט
אין שטאָט.

אַ גאַנצן טאָג געפּלינדערט און גערויבט
און טויזנט אידן אין דער שול פאַרברענט.
איצט ליגן דאָרטן טויטע שטיקער קויל
צווישן שוואַרצע, סאַזשעדיקע, ווענט...

אויף יעדן סלופּ אין מאַרק
עס הענגט אַ קינד.
אַ גאַנצן טאָג זיך אָנגעהערט מיט קינדעריש געוויין.
עס האָבן פּעטליעס זייער געוויין פאַרשטומט;
עס שפּאַנט אין שטאָט אַרום
דער טויט אַליין...

פאַרשלאָסן ווערט דאָס מויל פון פאַרטיזאַן.
דורך צווייגן־רויש, פאַררוישט די קריצנדיקע ציינער;
און עמיצער האָט פאַרגעלייענט אַ פּלאַן,
אַז ס׳זאָל פון נאַצי־שטאַב נאָר בלייבן
ביינער...

זיבן־און־דרייסיק

ס'האָט יעדנס האַרץ געגעבן אַ באַפעל —
און ס'האָבן הענט דעם האַרץ־באַפעל פאַרשטאַנען;
עס יאָגן פערד זיך אין גאַלאָפּ
און טראָגן לייכט די רויטע פאַרטיזאַנען...

אין יעדן פאַרטיזאַן, אַ מענטשלעך האַרץ;
אין יעדן האַרץ — אַ פייער פון נקמה.
עס איז די נאַכט געווען נאָך שוואַרץ,
ווען פאַרטיזאַנען זיינען צו דער שטאָט געקומען.

ס'האָט פינצטערניש פאַרדעקט דאָס רויטע הויז,
און נאָר די וואַך־שטוב איז געווען באַלויכטן;
אַ פאַרטיזאַן, אין נאַצי־אוניפאָרם,
רייט אויף פערד זיך שטאָלץ, פאָראויס,
און רויכערט...

— האַלט! פּאַראָל!
צוויי שטימען טראָגן זיך, אין נאַכט אַריין,
פון וועכטער.
פון הינטן האָט אַ פאַרטיזאַנען־פּולעמיאָט
געענטפערט מיט אַ קויליקן געלעכטער...

כאַ־כאַ־כאַ!
צוויי נאַצים טויט.
און ס'רויטע הויז ווערט איינגעהילט אין פלאַמען, —
פון פענצטער — פייער־צונגען לאַכן רויט
און גריסן, לאַכנדיק, די רויטע פאַרטיזאַנען...

ס'איז שטאָט צעוועקט פון אומרואיקן שלאָף —
און איבער גאַסן טראָגן זיך די קנאַלן.
דער נאַצי־הונט באַצאָלט מיט טויט זיין שטראָף —
און ס'נעמען טירן פון באַהעלטעניש
זיך צעפּראַלן...

אכט־און־דרייסיק

עס ווערט געוועער:
אַ האַק, אַ לאָדן־פּרעַנט, אַ שטיין פון דער ברוק,
אַ האַמער און אַ מעסער.
אין פויסטן ביילן זיך די ציטערדיקע הענט —
און ס׳ווערט די שלאַכט פאַרביסענער
און גרעסער...

פאַרטאָג.
עס שושקען זיך די ביימער אינעם וואַלד —
עס הירזשען דאָרט, צעפאַרעטע, די פערד;
און יעדער פּאַרטיזאַן פּוצט אויס זיין ביקס
און ווישט דאָס נאַצי־בלוט אַראָפּ פון שווערד...

עס גייט אַוועק אַ פּאַרטיזאַנישער באַריכט
און גנב׳עט זיך, דורך פראָנט, צו רויט־אַרמייער;
און ס׳שטראַלט, אין וואַלד, פון מאָרגנרויט דאָס ליכט —
און האַנט באַזאַכט דאָס זוניקע געוועער...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

עס וואַכט אין וואַלד אַ יעדער בוים און צווייג
און יעדע קוסט, וואָס איז אין וואַלד פאַראַנען.
דער פּאַרטיזאַן איז אַלץ נאָך גרייט...
סאַלוט!
פאַר בראַווע רויטע פּאַרטיזאַנען!...

# סטאַלינגראַד

**נאַצישע** טויך-באָמבערס פליען,
און שפייען מיט טויט און מיט פייער.
מאַשין-ביקסן שיסן פון דעכער
אויף קעמפער, וואָס האַלטן די גאַסן;
ס'וועט שונא ניט דורכגיין די שטאָט,
און דעם נאָמען פון פעלקער-באַפרייער.
ס'וועט שונא ניט דורכגיין
דעם סטאַלינ'שן ווילן פון מאַסן!

דער שונא איז ווילד און משוגע
ביי סטאַלינגראַד'ס וואונדיקע טויערן —
און סטאַלינגראַד באָדט זיך אין פייער
און גיט זיך צום שונא ניט אונטער;
ס'וועט שונא ניט דורכגיין די שטאָט,
און דעם נאָמען פון פעלקער-באַפרייער;
אַ רוסישע שטאָט ווערט אַ בלוטיקער
דייטשישער צווינטער...

עס ענטפערט דאָס פאָלק פון די גאַסן,
פון הייזער, פון הרוב'ע מויערן:
סטאַלינגראַד קעמפט!
און וועלט קוקט מיט שטאָלץ און מיט וואונדער.
אין קאַמף ווערן מוטיקע, זיגער'שע העלדן געבוירן —
אין בלוטיקע שלאַכטן צעלייגט זיך דער סוף
פונעם שינדער...

פערציק

צו סטאַלינגראַד׳ס העלדן,
צום פאָלק, וואָס באַווייזט זיין גבורה,
קוקט וועלט אַ פאַרגאַפטע —
מיט האָפענונג, מיט שטאָלץ און מיט וואונדער;
זאָל פאָלק פון סאָוועטן
צעטרעטן די נאַצישע קברים,
פאַר שחיטות און גרוילן אויף מענער
און פרויען און קינדער!

פאַראויס, טימאָשענקאָ!
פאַראויס, אין די שלאַכטן, צו זיגן!
מיט פרייד און מיט ליוב וועלן דורות
דערמאָנען דיין נאָמען...
ס׳וועט סטאַלינגראַד זינגען
דעם שענסטן סאָוועטישן ניגון —
מיט וועלט — אַ באַפרייטער — פאַר אונדז
און פאַר דורות צו קומען...

נאַצישע טויך-באָמבערס פליען,
און שפייען מיט טויט און מיט פייער.
עס שיסן דעם שונא׳ס האַרמאַטן
אויף קעמפער, וואָס האַלטן די גאַסן;
ס׳קען שונא ניט דורכגיין די שטאָט,
און דעם נאָמען פון פעלקער-באַפרייער, —
ס׳קען שונא ניט דורכגיין דעם סטאַלינ׳שן מוט
פון די מאַסן!...

איין-און-פערציק

# אַ דאַנק דיר, שוועסטערל, אַ דאַנק!

(אַ ליד פון אַ סאָוועטיש־אידישן פאַרוואונדעטן סאָלדאַט)

דורך שאַנד און בראַנד צום מאָרגנלאַנד —
דורך פּיין און דורך יסורים:
— אָ, שוועסטער, טייערע, פאַרבינד מיין וואונד
און לייג דיין אויער צו צו ערד
און הער:
מענטשן קרעכצן נאָך אין קברים.
לעבעדיקערהייט האָט שונא זיי באַגראָבן.

אָ, שוועסטער, האַרציקע,
שלעף צו דאָס קעסטל קוילן.
מיין פּוס טוט וויי —
נאָר ס'וועט די ביקס אין מיינע הענט
דערשיסן טויזנט גרוילן
מיט יעדן שטאַרבנדיקן שונא!

איך האָב געשוואוירן
מיין לעבן ניט צו שוינען
פאַר פאָלק און לאַנד,
פאַר היים און קינד.
איצט ליגט די שבועה אין מיין ברענענדיקער וואונד
און מאָנט:
דערשיס נאָך אַ פאַר נאַצי-הינט!
דערשיס די שאַנד פון אידן אין די געטאָס!
דערשיס דעם בראַנד פון געלע לאַטעס!
און ווייל מיין לעבן איז מיר ליב און טייער,
ווייס איך, אַז מען מוז דעם בראַנד נאָר אָפּלעשן
מיט פייער!...
אַ דאַנק דיר, שוועסטערל, אַ דאַנק!

צוויי-און-פערציק

# לידמילאַ פּאַוולישענקאָ

לודמילאַ טייערע, לודמילאַ פּאַוולישענקאָ,
ווי שטאָלץ און בראַוו עס קלינגט אין וועלט דיין נאָמען —
און ס'ווילט זיך אַזוי שטאַרק אַ אידיש ליד דיר שענקען,
אַ בלימעלע פון האַרץ און נשמה...

אַ ליד אַזאַ, וואָס ברענט ווי העליש פייער
און זאָל ווי דו אין אייביקייט ניט שטאַרבן —
נאָר אפשר ווילסטו גאָר אַ ביקס אַ נייע,
ווייל ס'האָט דיין ביקס קיין פּלאַץ ניט מער פאַר קאַרבן ?...

• • •

דריי הונדערט ניין נאַצים, דריי הונדערט ניין שונאים,
זיי וועלן ניט קענען מער שענדן און שעכטן.
ניט הענגען, ניט רויבן, ניט בראָטן און ברענען —
זיי וועלן ניט קענען מער פירן קיין שלאַכטן...

אָ, דו האָסט אויף אייביק פאַרשטומט זייערע מיילער, —
איז גוט עס צו וויסן און גוט צו געדענקען ;
מיר דאַרפן נאָך טויזנטער בראַווע ליודמילאַס
צו טויטן די בלוטיקע נאַצישע הענקער !

— — — — — — — — — — — — — — — —

ליודמילאַ טייערע, ליודמילאַ פּאַוולישענקאָ !
ווי שטאָלץ און בראַוו עס קלינגט אין וועלט דיין נאָמען.
און ס'ווילט זיך אַזוי שטאַרק אַ אידיש ליד דיר שענקען,
אַ בלימעלע פון האַרץ און פון נשמה...

דריי-און-פערציק

# שלאַכטן און שחיטות

## פּאָעמע

(געווידמעט די העלדישע פּאַרטיידיקער פון מאָסקווע)

אין אַ נאַצי־מונדיר, מיט אַ סוואַסטיקאַ־צייכן,
מיט האַק פון אַ תליון, מיט לוסט פון אַ שענדער,
מיט ציל פון אַ רויבער, דאָס רויב צו דערגרייכן —
האָט נאַצי געטראַמפּלט צו פעלקער און לענדער...

מיט טויזנטער טויטן, מיט טריט פון וואַנדאַלן —
מיט פייער פון שייטער — און פייער פון קוילן . . .
איז נאַצי געגאַנגען, איז נאַצי באַפאַלן ;
דער טיוול אַליין האָט די שחיטה באַפוילן...

מיט היטלערס באַפעלן געשפּאַנט האָבן דייטשן —
געשפּאַנט האָט דער נאַצי מיט סוואַסטיקאַ־צייכן.
די אידן געטריבן מיט מעסערס און בייטשן —
און בלוט איז גערונען פון אָפענע וואונדן.

תליות און קברים, פּעטליעס און מתים.
גירוש און געטאָס, פּיין און יסורים.
הונגער — און זויג־קינדער פאַסטן תעניתים —
און קרעכצן פאַרטויבטע פון אָפענע קברים...

## דער שדים־טאַנץ

ס׳ברענט אין פייער: היינע און דער רמב״ם ;
ס׳ברענט שפּינאָזע, מאַרקס און די גמרא ;
ארום די שייטערהויפנס ווילדע היטלער־באַנדעס —
טאַנצן אויס אַ שדים־טאַנץ...

ס׳ברענען ביכער, ספרים, ספרי־תורות,
און יעדער אות און יעדע שורה ברענט —
אלע הייליקייטן, ווערטן פון די דורות,
ווערן דורכן נאַצי־שד געשענדט...

פיר־און־פערציק

שרייען אותיות מיט פלאַמענדיקע ווערטער:
— טאַנצט! אַ, טאַנצט! דעם לעצטן שדים־טאַנץ!
נאָך „דריטן רייך" וועט מער ניט זיין קיין פערטער!
און ספרים ווערן ווידער גאַנץ...

און אַלע ביכער לאַכן פון וואַנדאַלן,
און ספרי־תורות לייענען זיך אַליין...
נאָר ס'טראָגן זיך אין וועלט אַריין די קנאַלן —
און מענטש פאַרשטיקט אין זיך דאָס ביטערע געוויין...

און נאַצי טאַנצט אַרום דעם שייטערהויפן —
און נאַצי טאַנצט מיט שיכור'ן קוראַזש.
ער וועט די וועלט פאַרפרעסן און פאַרזויפן —
און דערנאָך? דערנאָך זאָל בלייבן אַש...
— — — — — — — — — — — — — — —

ס'ברענט אין פייער: היינע און דער רמב"ם;
ס'ברענט שפינאָזע, מאַרקס און די גמרא;
אַרום די שייטערהויפנס ווילדע היטלער־באַנדעס —
טאַנצן אוים פאַר זיך אַליין אַ קללה...

## „קיינעמס־לאַנד"

די טויערן פון וועלט האָבן לענדער פאַרשלאָסן.
די טירן פון וועלט האָבן לענדער פאַרריגלט...
פון הינטן האָט נאַצי אויף אידן געשאָסן,
פון הינטן האָט נאַצי די אידן געטריבן
צו קיינעמס־לאַנד...

דורך ווינטן און רעגנס, דורך שנייען און קעלטן,
דער ווינט האָט געריסן פון העלדזער ס'געוויין — —
דער טויט איז געגאַנגען פאַראויס און געוועלטיקט —
אַז ס'לעבן איז הפקר, ווי זאַמד און ווי שטיין
אין קיינעמס־לאַנד...

דער טויט איז געוואָרן פון צער אַ דערלייזונג;
די ערד איז דאָ בלויז צו באַהאַלטן די מתים;
און ס'קענען די טרוקענע בריסטן פון מאַמעס
די קינדער ניט שפּייזן —
און קיינער קען קיינעם ניט העלפן,
און קיינער קען קיינעם ניט טרייסטן,
אין קיינעמס-לאַנד...

די טויערן פון וועלט האָבן לענדער פאַרשלאָסן
די טירן פון וועלט האָבן לענדער פאַרריגלט...
די ערד איז מיט בלוט און מיט טרערן באַגאָסן,
אין קיינעמס-לאַנד!...

## דעם „טייוול'ס" פּלאַן

ניט פון געטלעכער השגחה —
ניט קיין אומגליק קיין באַשערטער —
און ניט סתם קיין בייזע טאַטן...
ערגעץ האָבן האַרן אויסגעפּוצטע
קאַלט און ניכטער זיך בעראַטן:
אַ, וואָס וועט זיין?
אַ, וואָס וועט ווערן?
אַ, וואָס איז פון דער וועלט געוואָרן?
זאָל אַ טייפון, זאָל צעשטערונג
איינשפּאַנען דעם רייטוואָגן — און פאָרן...

אַז צופיל רויט,
צופיל פייער,
האָט אַ זעקסטל פון דער ערד שוין.
צופיל ברויט אין רויטן שייער —
צופיל מינען און פאַבריקן;
זאָל אַ טייפון, זאָל צעשטערונג
דאָס פאַרוויסטן און דערשטיקן...

אַז צופּיל רויט —
און צופּיל פייער
ברענט אין הייטערדיקע בליקן...
זאָל אַ טייפון עס פאַרוויסטן,
זאָל דער טייוול עס דערשטיקן...

אַ, וואָס וועט זיין ?
אַ, וואָס וועט ווערן ?
אַ, וואָס איז פון דער וועלט געוואָרן ? !
זאָל דאָס ראָד, וואָס פאָרט צום מאָרגן,
מער קיין שפּאַן פאַראויס ניט פאָרן !...

— — — — — — — — — — — — — —

עס האָט דער האַר,
דער פליענדיקער רייטער —
אַנגעיאָגט אויף וועלט די שוואַרצע גרוילן...
נאָר ס'איז די טומאה אָפּגעפלויגן ווייטער —
ווייטער, ווי דער האַר האָט איר באַפוילן...

## „בליץ-קריג"

נאַצי-סאָלדאַטן,
ווי אויטאָמאַטן —
באַוואָפנט מיט באָמבעס און קוילן ;
ס'האָט דער פירער, וואָס איז הייליקער פון גאָט —
שפּאָטישער פון שפּאָט —
דעם בליצקריג באַפוילן...

טרעט !
שעכט און ברען !
הענג אויף קינדער אין די גאַסן !
שענד דיר פרויען
אומפאַרשעמט ;
די וועלט געהערט צו דער „אַרישער" ראַסע...

זיבן-און-פערציק

רויט פון מענטשן־בלוט
זאָל ווערן די נאַכט...
דערשטיק דעם טאָג ביים אָנקום פונעם מאָרגן!
טראַמפּל!
טרעט!
רויב און שעכט!
און זאָל די וועלט מיט פרעס און זויף
דיין פּיסק פאַרזאָרגן!...

גיי!
מאַרש!
פלי מיט עראָפּלאַן!
פאַרוויסט די וועלט,
פאַרצער די לעבנס!
זאָל מער קיין מאַכט ניט אָפּהאַלטן דיין שפּאַן!
עס וועט דער טייוול דיר
דיין זינד פאַרגעבן...

מעדאַלן
וועלן אויסצירן דיין ברוסט.
רום וועט זיין דיין טייוולשע באַלוינונג...
זאָל גאָרע וועלט דיר פאַלן צו דיין פוס —
און צאַפּלען זיך און שטוינען...

פאַרצוק דעם איד —
פאַרהונגער אים צום טויט;
באַגראָב אים לעבעדיק אין קבר.
דיין לעבן איז אויף אידן־האַס געבויט —
דיין ציל — גזילה און גנבה...

פאַרשקלאַף דעם קריסט;
פאַרצוק דעם קאָמוניסט —
און רום וועט זיין דיין טייוול׳שע באַלוינונג...
אַ קרייץ פאַר העלדישקייט וועט אויסצירן דיין ברוסט —
און ס׳וועט די וועלט זיך צאַפּלען פון דערשטוינונג...
— — — — — — — — — — — — — — — —

אבט־און־פּערציק

אַזוי האָט דער „פּיורער“ גערעדט צו זיין שקלאַף,
אַזוי האָט דער הענקער באַפוילן;
האָט נאַצי געיאָגט זיך אין ווילדן געלאַף —
צו רויב און צו שאַנד און צו גרוילן...

## אין נייעם לאַנד פון די סאָוועטן

אונטער פאָן פון סערפּ און האַמער,
אונטער פרייהייט'ס רויטער פאָן,
לעבן פעלקער זיך צוזאַמען
און דער מענטש איז מי פאַרטאָן...

ווער עס גראָבט אין שאַכטעס קוילן,
ווער עס ניטעווועט אַ בריק;
ווער עס טשוועקעוועט די זוילן
אין אַ נייער שיך־פאַבריק.

ווער עס נייט און ווער עס האַמערט,
ווער עס שפּינט און וועבט און שטריקט;
ווער עס גרייט זיך צום עקזאַמען,
ווער עס שאַפט און שפּילט מוזיק.

ווער עס צעאַקערט די פעלדער
מיט אַ טראַקטאָר אין געשפּאַן;
ווער עס פירט דאָס האָלץ פון וועלדער
צו דעם צווייטן פינף־יאָר־פּלאַן...

ווער עס שרייבט אַ בוך אַ נייעם,
ווער עס זינגט צום פאָלק זיין ליד;
ווער עס אַרבעט אויף כלי־זין
קעגן שונא'ס דינאַמיט...

ביין-און-פערציק

ווער עס איז אַ רויט-אַרמייער,
ווער עס דינט אין רויטן פלאַט ;
ס׳זינגט די פרייד אַרום קאַנווייער
ס׳ליד פון שפּאַנענדיקן טראַט...

פעלקער לעבן דאָרט צופרידן,
ס׳לעבט זיך אַנדערש, ס׳לעבט זיך ניי :
אַז אין שטעטלעך האָבן אידן
אויפגעגעבן מעקלעריי...

אויפגעגעבן קראָם און קרעמל,
האַנדל-וואַנדל און יאַריד ;
אַז אין מאָסקווע, אַז אין קרעמעל —
זאָרגט זיך סטאַלין פאַרן איד.

וואַקסן תבואות אויף די פעלדער,
וואַקסט די שפע אין קאָלכאָז ;
וואַקסן סאָסנעס אין די וועלדער
און אויף לאָנקעס גרינט דאָס גראָז.

פּאַשען זיך קי און קעלבער,
פּאַשען לעמער זיך און ציגן ;
ס׳איז דער פּאַסטוך ניט דער זעלבער —
ס׳איז סאָוועטיש אויך זיין ניגון...

ס׳איז דאָס לאַנד, פון ברעג צו ברעגן,
פול מיט פרייד און זונען-שטראַלן...
און געטריי אין לעניג׳ס וועגן
גייט פאָראויס און זיכער
סטאַלין !

פּופּציק

# פאַרוויסטונג

פון גרעניץ צו גרעניץ,
צו פעלקער און לענדער,
עס טראַמפּלען,
עס יאָגן זיך נאַצישע שענדער
מיט ווילדער רציחה.
ס'איז ליב זיי און ניחא
צו רויבן און שענדן,
צו שיסן און שעכטן,
צו זויפן און פרעסן;
צו פראַוועווען זיך אָרגיעס
— אין שטעט און אין לענדער
דורך גאַנצע מעת-לעת'ן...

ס'איז גוט זיי צו האָילן
— דעם מערדערשן פירער
דעם חלף אין בלוטיקע הענט
צו צעפירן
אויף קינדערשע העלדזער,
— אויף פרויאישע בריסטן
און טראָגן צום לעבן
נאָר טויט
און פאַרוויסטונג.

ס'איז גוט זיי צו הערן
די קרעכצן און אויען
פון הילפלאָזע אידן.
עס זיינען טויב זייערע אויערן
— צו יאָמער-געשרייען
און בלינד זייערע אויגן
צו פיין און יסורים...

איין-און-פופציק

# ביי די טויערן פון מאָסקווע

זיינען מערדער געגאַנגען,
געפאָרן, געפלויגן —
איז טויט זיי פון מאָסקווע
אַנטקעגן געפלויגן,
אויף שטאָלענע פליגל, —
געוואַגטע און בראַווע!
אַז וועלט איז געבליבן פאַרגאַפט
און טשיקאַווע:
וואו האָט אַזאַ קראַפט,
אַזאַ מאַכט זיך גענומען?

זיינען מערדער געגאַנגען,
געפלויגן, געפאָרן —
איז טויט זיי פון מאָסקווע
אַנטקעגן געפאָרן,
אין שטאָלענע טאַנקען,
אין שווערע האַרמאַטן —
געפירט און געפייערט
פון רויטע סאָלדאַטן —
צום שונא,
וואָס איז מיט דער שחיטה געקומען...

ס'האָט סטאַלין גערעדט —
ס'האָט סטאַלין באַפוילן:
צו קעמפן ווי העלדן
פאַר לאַנד און פאַר פרייהייט!

ס'האָט סטאַלין גערעדט —
און דאָס פאָלק האָט פאַרשטאַנען:
זאָלן רויטע אַרמייער,
און רויט-פאַרטיזאַנען,
צעשטערן דעם שונא
מיט בראַנד און מיט פייער!

צוויי-און-פופציק

און געהערט האָט אים וואַכיק
דער רויטער אַרמייער,
געהערט האָט דאָס פאָלק
און די רויטע מאַטראָזן:
— גיי, מענטש, פּאַרטיזאַן,
צעברעך און צעשטער!
דעם שונא׳ס מוניציע,
דעם שונא׳ס אַבאַזן!...

שוין ניט די ביקס!
שוין ניט די שווערד!
אויף דייטשישן שונא,
אויף קעפּ פון באַרבאַרן!
ניט אַליין איז אונדז איצטער
צו קעמפן באַשערט —
אין קריג פאַר באַפרייאונג...

— — — — — — — — — —

דאָס פאָלק איז מיט שטאָלץ
און מיט בראַווקייט געגאַנגען,
דעם שונא פון מענטשהייט
א טויט צו דערלאַנגען!...

## טויט פאַר טויטן...

עס לייגן זיך נאַצים אין קראַמפּן, אין ווייען —
און פאַרבן מיט בלוט אָפּ די ווייסקייט פון שנייען...
זיי צאָלן מיט טויט פאַר די טויטן און מאָרדן —
און הערן אין גסיסה די לעצטע אַקאָרדן
פון נאַצישע לידער...

זיי זעען אין גסיסה די ביינער און קנאָכן —
זיי האָבן די מענטשן ערשט נעכטן דערשטאָכן...
און ס׳ברענען די ליפּן אין היץ און אין ווייטיק;
הוראַ! הוראַ! פון סאָוועטישע רייטער
פאַרטויבן די אויערן...

אַ, ליבסטע! אַ, ליבסטע!
דיין פּראַנץ איז פאַרלוירן...
ביי מאָסקווע געווען שוין און האַרט ביי די טויערן;
איצט פיל איך אַ מידקייט, עס ווילט זיך גאָר שלאָפן —
אין לעצטע סעקונדן, אין סוף פון די סופ'ן...

אַ, ליבסטע, איך שרעק זיך —
ס'איז שווער צו דערציילן...
איך זע איצט אַ מענטש מיט אַ שווערד צו מיר איילן...
מיט אויגן, וואָס שפּיזן,
מיט ליפּן, וואָס האַסן —
און ס'איז ניט דער מענטש פון דער „אַרישער ראַסע"...
ס'איז רוס, צי גאָר „יודע" —
ס'איז רויטער אַרמייער!
איך הער נאָר דעם קלאַנג פון זיין בלאַנקן געווער...
איך הער ווי ער רופט מיך און שרייט צו מיר: וואָרים!
איך פיל ווי זיין פייער צעברענט די געדערים!...
— — — — — — — — — — — — — — — — —

עס וועט די געשיכטע זיי פלוכן און האַסן,
עס וועלן זיי האַסן
די דורות פון מאָרגן —
די פעלקער און ראַסן.
און וועלט אַ באַנייטע, אַ זוניק צעגליטע —
אַ וועלט וואָס וועט אויפגיין
נאָך שלאַכטן
און שחיטות...

פיר־און־פופציק

# דער הונגער פון מײַן גאַס

די נויט האָט מיט שמאַטעס
די הויזן געלאַטעט —
און צעפּרעסן בײַ קינדער די שיך;
נאָר אין געציילטע הײַזער פון מײַן גאַס
איז נאָך געווען:
אַן אַלט־געבאַקן ברויט,
עטלעכע קאַרטאָפל,
אַ הערינג און אַ הײַפּטל קרויט.

דערנאָך האָט דער הונגער מיט פרייד זיך צעלייגט
אויף זשאַווערדיק געשיר;
און אין פרימאָרגנס
האָט פּאַר אָפּגעשוואַכטע, הונגעריקע קינדער
אַ ליידיקע מילך־פלאַש געגלאַנצט
בײַ אַ טיר.

דערנאָך האָבן שכנים געטראָגן אין „פּאַון־שאָפּ" —
אַ ראַדיאָ, אַ רינגל, אַ זייגער,
פּאָרצעלייענע געפעס און סטאָליעריש געצייג:
הובלם און האַמערס און פיילן,
און דערנאָך — —
דערנאָך האָט דער הונגער צעביטן אויף ברויט,
גאָלדענע ציין פון שכנישע מײַלער!

אַזוי האָט דער הונגער געזונגען זײַן לידל,
און צעלייגט זיך אויף נויט פון מײַן גאַס.
און טאַטעס און מאַמעס —
פאַרצווייפלטע, מידע,
פון זאָרג, וואָס צעבײַט זיך אויף האַס...

זיבן־און־פופציק

ס'האָט בלינדער האַס
אין גאַס זיך געפורעמט —
און אין שכנישע הייזער
האָט הונגער געטורעמט
אויף צוגעזאָגטע גליקן;
מען האָט דערפילט דעם קומענדיקן שטורעם —
מען האָט דערקענט די אייגענע, די פריינט,
און פאַלשע רייד פון שונא־אונטערדריקער...

אַזוי האָט מיין גאַס זיך אינגאַנצן געביטן:
געפלאַצטער געדולד, —
און מיט הייסע קאָכנדיקע בלוטן
רעדן שוין שכנים אינדרויסן;
פאַראַן איז אַ קאַנסל *),
פאַראַן אַ קאָמיטע **),
וואָס טרייבן דעם הונגער מיט פויסטן...

איצט מאָנען מיר אַרבעט,
איצט מאָנען מיר שטיצע —
און שטאָט־טאַטעס גיבן ניט גערן.
ס'איז נעכטיקער מיסטער,
ס'איז נעכטיקע מיסעס,
פאַרוויקלט אין קאַמפן אין שווערע...

— — — — — — — — — — — —

מיין גאַס איז אַ גאַס איצט פון טויזנטער געסלעך —
און שכנים, אַ טייל פון מיליאָנען,
וואָס מאָנען:
אויף קליידער, אויף שיך און אויף עסן!

---

*) אַרבעטלאָזער קאונסיל; **) בלאָק קאָמיטע.

# אַ פּעדלער אַזאַ

אויף געשטעל צעלייגטע פּרוכטן:
עפּל, באַרן, רויטע טרויבן;
און דער פּעדלער שטייט פאַר׳דאגה׳ט —
קוקט אויף גאָלד־באַצירטע שויבן.

שטייט און רופט ניט אוים זיין סחורה,
שטייט און קוקט דאָ ווי אַ פרעמדער —
יאָרן־לאַנג געווען אַ פּרעסער,
יאָרן איינגעפּרעסט אין העמדער...

העמדער נייע, פריש־געפּרעסטע —
און זיין העמד איז ניט געוואַשן;
ס׳איז דאָס לעבן דיר קיין העמד נישט
און ס׳איז שווער עס צו צעוואַשן...

יאָגט דער ווינט און שמייסט אין פּנים;
מענטשן גייען, מענטשן איילן —
אויף געשטעל די עפּל, באַרן,
ליגן וואונדיקע ווי ביילן...

און געדאַנקען ווי די רוחות —
בייזע, ווילדע, פול מיט ווייען,
פּלוצלונג האָט ער ווי פון זיך עס
אויף אַ קול גענומען שרייען:

העמדער! העמדער! זיסע העמדער!
קויפט אויף יום־טוב און אויף חגא!
האָבן אָפּגעשטעלט זיך פרעמדע:
— ס׳איז אַ קונץ, צי ס׳איז משוגע?...

ס׳האָט דער פּעדלער זיך דערשראָקן
מיט אַ ציטערדיקן טרייסל —
ווי עס וואָלט געבליבן שטעקן
אינעם האַלדז אַ העמד אַ ווייסע...

גיין־און־פּופּציק

# בערל סטאָליער

ס'האָט בערל סטאָליער ליב,
מיט ליבע פון אַ קינד,
דעם שאַרפן ריח פון געהילץ ;
ס'האָט בערל סטאָליער ליב
זיין שווערן קאַסטן סטאָליעריש געצייג —
און יעדן טאָג,
ווען בערל קוקט אויף אַלטער, אַרבעטלאָזער,
זשאַווערדיקער זעג —
קומט אים אוים,
ווי ער וואָלט געקוקט
אויף אַן אייגן אָפגעשטאָרבן קינד...

ער פרעגט —
האַלב מיט ערנסט,
האַלב אין שפּאַס —
זיין אָנגעכמורעט ווייב :
— לאה :
דענקסטו ניט ,ס'וואָלט געווען גלייך
אַזוי־אַ מיטאַמאָל צו ווערן רייך ?...
נאָר לאה ענטפערט ניט —
און בערל שפּאַנט אַוועק אין גאַס ;
ער שפּאַנט און שפּאַנט,
ווי ס'וואָלט געטריבן אים
אַ שטאַרקע האַנט
צום נאָענטסטן „לאַמבער־יאַרד".*)

---

*) געהילץ־הויף.

זעכציק

דאָ בלייבט בערל שטיין —
ער זאַפּט אַריין אין זיך
דעם ריח פון געהילץ
און טראַכט:
נו, ווער ווייסט,
אפשר וועט זיך מאַכן כאַטש
אַ שטיקל דזשאַב?...
און פון האָפענונג בלויז
ווערט בערל
ריידעוודיק און שטאָלץ
און גרויס
ביי זיך:
— דו זעסט? —
באַווייזט ער אויפן בעסטן האָלץ
אַ צווייטן אַרבעטלאָזן בויער, —
מיט אַזאַ מין האָלץ
האָב איך אַמאָל געהאָלפן בויען
אַט דעם גרויסן בנין.

# דאָס ליד פון אַלטן היטל־מאַכער

וועער דאַרף מיך היינט,
ווער דאַרף היינט מיינע היטלען,
אַז אונדזער מאָדע טראָגט איצט
הוילע קעפּ;
מיין לעבן טראָגט זיך האַרט
און אָנגעביטערט —
איך טראָג מיין אַלטן ווינטערדיקן ציטער
און ס׳לעבן מיינס
אַנטלויפט מיט גיכע טריט...

פריינט אַמאָליקע
באַטראַכטן מיך און שמייכלען —
קיין געפאַר;
ווייל וועלכער באָס,
וואָס האָט אַ ביסל שכל,
וועט איצט אַרויפנעמען
איך בין צום דזשאָב שוין מער ניט
דעם אַלטן נאַר?...

כ׳האָב יונגע טעג פון לעבן אָפּגעריסן,
ווי די בלעטלעך פון אַ קאַלענדאַר...

אַז יונגע היטלמאַכער,
שנעלע שיסערס —
צען פאַר איינעם, וואַרטן אויפן דזשאָב;
איז קוקט אויף מיינע הענט,
זיי האָבן זיך פאַר׳מיאוס׳ט מיר —
הענט וואָס ציטערן,
ווער דאַרף זיי היינט אין שאָפּ?

צוויי-און-זעכציק

# פון דער פּאָעמע „קוילנגרעבער" *)

ערגעץ פאַראַן איז אַ וועלט מיט זונליכט און גאָלדענע שטראַלן,
נאָר אונדזער וועלט איז מיט שוואַרצער געפּאַר אין די טריט;
און היים איז מיט הונגער אין פינצטערע קויטיקע שטאָלן, —
און ס'מאַינערשע האַרץ — אַ לעבעדיק שטיק דינאַמיט...

אַרבעט און אַרבעט און אַרבעט — און אַלעמאָל קומט זיי נאָך
מערער,
צאָלן פאַר הונגער, און צאָלן פאַר נאַקעטן לייב...
אַרבעט מען גיכער, גיכער און שנעלער און שווערער, —
און ס'באָדט זיך דער מאַינער אין שוויים פונעם אייגענעם לייב.

אַ שאָם און אַ שאָם — און עס ברעכן אין מינען די ווענט זיך —
און פייער און וואַסער, רויך און סמ'איקער גאַז;
אַז אַרבעט איז אַרבעט און ס'פריידיקע שאַפן צעברענט זיך,
גייט אויף פון געדאַנק אַזאַ טיפער און פלאַמיקער האַס.

באַנען, וואַגאַנען מיט קוילן געשטאָפּט אין די בייכער — — —
ציפערן, ציפערן, ציפערן גאָלד און פּראָפיט;
רוקנס צעווייטיקטע, הונגער אין ליידיקע בייכער,
בלוטיקט אַ האַרץ, אַזאַ לעבעדיק שטיק דינאַמיט...

• • •

אַמאָל קומט אַ רעדנער פון שטאָט
מיט אַ פעטן און רויטלעכן פּנים,
באַריידן די לאַגע —
און צוזאָגן גאָלדענע בערגער.
דערנאָך ווערט נאָך ערגער און ערגער, —
מען קוקט זיך אַרום ווי נאַראָנים;
דערנאָך ווערט נאָך ערגער און ערגער...

דריי-און-זעכציק

טומלען די מאַינערם די יונגע,
מיט קאָכיקע מאַינערשע בלוטן, —
און פּאַכן — אין לופט — מיט די פויסטן,
און קריצן אין מויל מיט די ציינער,
נאָר עלטערע שווייגן פאַרכמורעט
און לעקן דעם טרוקענעם גומען, —
און אַנדערע טראַכטן —
ס׳זאָל בעסער אַדורכגיין מיט גוטן...

קומט אָן אַ רעדנער אַ צווייטער
מיט פעטן און רויטלעכן פּנים
מאָנען אַ שטייער —
און צוזאָגן גאָלדענע בערגער;
צעשפּריצן זיך ווערטער און פאַלן
ווי אויל אויפן פייער, — — — —
דערנאָך ווערט נאָך ערגער און ערגער...

— — — — — — — — — — — — —

שטייען שוין באַנדעס פאַרגרייטע, געדונגענע שלעגער
און וואַרטן אין חושך אויף שטילע און ווילדע באַפעלן;
אָ, ווער ווייסט עס דאָ ניט וועלן — באַצאָלן און שווייגן?
אָ, ווער ווייסט עס וואָגן ניט ווען,
צו זיין אָן ערלעכער בירגער!...

• • •

טאַנצן ווילדע קאַראַהאָדן
גענגסטער און שפּיאָנען,
שיכור׳ן און זינגען אָדעם
צו די שוואַרצסטע פאָנען...

שיכור׳ן און גיסן וויינען
זונות אויף די לייבער;
ס׳איז די וועלט מיט זיי אינאיינעם:
גאָלד — און ווייַן און ווייבער.

פיר-און-זעכציק

פּאָליצײ — אין סאַמע מיטן;
ריכטער און מאַגנאַטן;
נאָר דער קוילנגרעבער בלוטיקט
פאַר זײַן שווערער פּראַצע.
— — — — — — — — —

וויפיל הונגעריקע שעה׳ן
ס׳זײַנען אין די הײמען,
אַט אַזוי פיל שוואַרצע קראָען —
פּיקן יעדן מאַינער.

• • •

צינדן לעמפּלעך זיך אויף שטערנס,
צינדן זיך און לעשן,
ביז ס׳וועט מאָרגנ׳ס רויטער שטערן
אָנצינדן מעת-לעת׳ן.

סטאַך און דזשאַן און טאַם און אַלע
פון די שוואַרצע שאַכטעס
וועלן הונגעריקע פּראַלן
און צעצינדן שלאַכטן...

• • •

איבער פּלעצער פון אָהײאָ,
וועסט ווירדזשיניע, פּענסילווייניע,
טראָגט זיך אין דער לופטן אַ פײַער,
טראָגט זיך אין דער לופטן אַ שטורעם,
צינדן מײַנער אָן די פאַקלען
און עס ווערט אַ רויטער טורעם...

רויטער טורעם, רויטער פײַער!
רויט צעצינדן זיך די בלוטן...
— ווען ס׳איז דאָס לעבן טײַער —
טאַנצט אַרײַן אין סאַמע מיטן...

---

*) געדרוקט אין „פונק״, 1931, חודש־שריפט פון אינט. אַרב. אָרדן.

פינף-און-זעכציק

# עוויקשאָן־קאַמף

ס'האָבן היינט דאָ געפּיבערט די שטיינער פון ברוק,
ס'האָבן היינט דאָ געשלאָגן די פויסטן;
געוועז איז באַלאַגערט דער בלאָק ביזן ראָג;
ס'איז מאַסע געקומען מיט פויסט און געזאָגט:
ס'וועט מענטש ניט וואוינען אינדרויסן!

האָט מאַסע צעוויגט די קנאָכיקע הענט,
פּאָליציי — די דעמבענע שטעקנס;
און בלוט איז גערונען פון קעפּ און פון הענט;
און זאָלן די לענדלאָרדס זיך עקן.

דעם דלות געדזשווינגעט צוריק אויף די טרעפּ,
נאָר בלוט איז געבליבן אויף שטיינער;
שרעקט ניט געזעץ, פּאָליצייאישע קלעפּ,
ווען הונגער מיט קאַמף איז פאַראייניקט.

דערנאָך האָבן שכנים געטיילט זיך מיט פרייד,
כאָטש ס'האָבן געוויטיקט די גלידער, —
ס'האָט קאונסיל *) גערופן: חברים, זייט גרייט!
מיר גרייטן אויף מאָרגן זיך ווידער!...

---

*) אַרבעטלאָזער קאונסיל, וואָס האָט אָרגאַניזירט דעם קאַמף קעגן עוויקשאָנס.

זעקס-און-זעכציק

# דאָס ליד פון בעקער־יונג

מיינע שטילע טריט
האָבן קיינמאָל אויף קיין טעפּיך ניט געטרעטן.
מיין האַריק לייב דאָס וואונדיקע
האָט קיינמאָל ניט באַרירט קיין ווייכע בעטן —
און מיין געבעט האָט קיינמאָל ניט דערגרייכט
צום הימל —
כ'האָב צו גאָט נאָך קיינמאָל ניט געבעטן;
כ'האָב געקנעטן...

אין מיינע לאַנגע נעכט געקנעטן טייג, —
געשניטן און געוואויגן,
אויסגעקרימט מיר בעקעריש די פּיס.
אויסגעטונקלט מיר די אויגן
ביים רויטן פלאַם,
ביים קנאַקנדיקן פייער.
און מיינע טעג —
די שטילע שלעפּערדיקע טעג, די פרייע —
האָבן נעפּלדיק פאַרשלונגען מיר אַ וועג
פון דרייסיק יאָר.

זינג איך איצט אין אַלטן בעקערישן כאָר
דאָס ליד פון הונגער
צו מיינע ציטערדיקע הענט,
קרומע פיס און בלינדע אויגן,
צו מיין גאַנצן איך,
וואָס האָט זיך שטיל געבראָכן און געבויגן,
צו מיינע קילעכדיקע דרייסיק יאָר...

טאָ ווער זשע פאָרט האָט אויפגעגעסן מיינע פרישע,
שמעקנדיקע ברויטן?

זיבן-און-זעכציק

# דאָס ליד פון אַרבעטלאָזן בלעכער

מיר קלינגט אין אויער נאָך געקלאַנג פון בלעכן —
נאָר ס'זשאַווערט נאָך מיין שער און צוואַנג און האַמער;
געווען איז דאָך אַמאָל מיין זוניקסטער פון אַלע שליאַכן
און איצטער האַלט דער הונגער מיך אין קלאַמערן.

ס'איז ליב געווען דער רויך פון קאָכיק-הייסער סמאָלע,
כאָטש ס'האָט דער רויך געפרעסן מיינע אויגן, —
איצט קוקן אויגן טונקל און געשוואָלן
און דער רוקן איז פון ליידיק-גיין צעבויגן.

איצט שלעפּ איך זיך און קוק אַרויף צו דעכער,
וואו כ'האָב מיין פרייד פון מי אַמאָל געשפּונען;
איצט ווילן הענט מיין ברויט פאַר מיר פאַרדינען,
נאָר ס'קוקט דער באָס ווי כ'וואָלט אַראָפּ פון זינען...

כ'בין אַלט שוין איצט אין כוחות, ניט אין יאָרן —
און ס'איז מיין האַנט איצט ציטערדיק און שווערער, —
כ'האָב עמערס שוויים אויף דעכער דאָרט געלאָזן,
ביים בלעכעווען, ביים האַמערן און שערן.

זינג איך איצט מיין ליד פון אַרבעטלאָזן בלעכער
און הונגער שרייט פון מיר און רופט מיט טויזנט קולות:
העי, רויבער, גיט מיר אָפּ צוריק דעם עכאָ
פון בלעכעווען, פון האַמערן אויף דעכער!

אַכט-און-זעכציק

# דאָס ליד פון שניי

## האַלעוואַי

פאַלט אַ שניי
און לייגט זיך דיק אַוועק
אויף גאַס און טראָטואַרן ;
וועט אַרבעט זיין אַ טאָג
דאָס שניי צו שאַרן,
וועט אַרבעט זיין פאַר מיר,
דעם פריש-געבאַקטן שאַרער.

נעכטן בין איך נאָך געווען אַ גוטער מאַשיניסט ;
און ווער ס'איז נעכטן נאָך געווען אַ שוסטער,
שניידער, בעקער אָדער שערער —
יואָלט היינט מיט פּים מיט באָרוועסע,
מיט אַלטע שמאַטע-קליידער
אַוועק צו שפּאָגל-נייער שניישאַר-אינדוסטריע
און זיין אַ גאַסן-קערער.

עס קען דאָך רייכע גאַס ניט ליגן
צוגעדעקט מיט שניי און מיסט...
דערווייל איז נאַס,
דערווייל איז קאַלט.
מ'איז הונגעריק —
נאָר נאָך ניט אַלט !
דערווייל — נאָר וואָס איז דאָ צו קלערן !...
מיר'ן קערן.

ביין-און-זעבציק

# קענזינגטאָן, פילאַדעלפיע

מע שטריקט און מע וועבט,
און עס שאַפן זיך מיליאָנען,
און ס'זינגען מאָטאָרן און ס'רוישן פאַבריקן;
טראָגן דאָ וועבער זייער האַס צו באַראָנען —
אין האַרץ און אין בלוט און אין שטעכיקע בליקן.

פינצטערע הייזער אַרום די פאַבריקן;
אַ שטוב — אַ חורבה וואו ס'וויינען די ווענט;
באַגינען — מע אײַלט זיך צום וועבן און שטריקן.
ביז ס'ברעכט שוין דער רוקן און ס'ציטערן הענט.

ס'דאַרפן פאַבריקן דען שקלאַפן וואָס קרענקען?...
גענוג נאָך געזונטע פאַראַן אויף דער גאַס.
דו ווייסט, אַז דער באָס וועט קיין פעני ניט שענקען,
נאָר דו קענסט אים שענקען דיין פלאַמיקן האַס...

דער באָס און דער לענדלאָרד, זיי לעבן און קוועלן, —
זיי לעבן אין וואָלטאָג און רעדן פון קריזיס.
זיי פראַווען הוליאַנקעס, זיי פראַווען זיך בעלער;
און דאָ וואַרפט מען וועבער אַרויס פון די דירות.

מע וואַרפט פון די דירות, מע וואַרפט פון פאַבריקן,
מע זוכט אין די רינשטאָקן ברעקלעך פון ברויט;
אין האַרץ און אין בלוט און אין שטעכיקע בליקן
צעצינדט זיך אַ פייער —
פייערדיק רויט...

זיבעציק

# אויף אינזלשער ערד *)

אויף אינזלשער ערד,
אין צעפלאַטערטן טאַנץ,
מיט פרייד און מיט בלוט —
אין פולן אויגיקן גלאַנץ.

פון שקלאַפיש געוועב
צו אַ זוניק געשפין —
אויף אינזלשער ערד
אַ צעזונגענע שטים.

בערגיקער הויך
אין טאָליקער פלאַך —
אויף אינזלשער ערד
איז אַ קאָפּ אָן אַ דאַך...

דער זוניקער גלי
אויף מיין בראָנזענעם קאַרק,
אויף אינזלשער ערד
בין איך מונטער און שטאַרק!
— — — — — — — — — —

שטייען קאַנאָנען אין האַפן
אויף ערד,
פאַרשוועכן, פאַרשקלאַפן
מיין אינזלשע ערד...

*) די ערשטע פינף לידער זיינען געווען אָפּגעדרוקט אינעם ביכל „אויף אינדזלשער ערד", האַוואַנאַ, קובאַ, 1927.

## אין פרעמדן לאַנד

אין פרעמדן לאַנד
היימיש איך זיך איין —
פרעמדע מענטשן ווערן מיינע פריינט,
ס'גייט־אויף מיין פרייד
אין יעדן זונען־שיין,
און יעדער פּנים איז מיר ווי באַקאַנט.

איך גיי מיט די וואָס אַרבעטן אין טאָל ;
איך גיי מיט די וואָס קלעטערן אויף בערג —
אין יעדנס אויגן פינקלט העל דער שטאָל,
וואָס שאַפט דעם ברייטן בליענדיקן וועג.

## ג ר י ן ־ ג אָ ל ד ע נ ע ר   ג ל י . . .

גרין־גאָלדענער גלי
פונעם זוניקן לאַנד —
גע'גנב'עטע מי
פון די שווייסיקע טעג,
מיר זיינען מיט פעלזיקע בערגער ביינאַנד
און שאַפן אויף אינזל
אַ פריידיקן וועג.

מיר אַקערן ברייט
און מיר אַקערן טיף,
און צאַפּלען ווי מאַמעס ביי קינדערשע טריט,
דאָך שטאַרק ווי די סקאַלעס איז פריידיקער וועג —
ווען מיר האַלטן ביים שניט.

מע אינזלט זיך אויס
און מע אינזלט זיך איין,
אונטער זוניקן גלי,
וואו ס'גאַרטלען די כוואַליעס
ווען עס בליט...

די וועלט ווערט [illegible] [illegible], →

פיר־און־זיבעציק

## לאָמפּן פייערדיקע

לאָמפּן פייערדיקע צינדן זיך מיט גליק,
פון יונגע מיידלעך הערט זיך אַ געזאַנג —
איך גיי אַ פרייִלעכער אין שיכרות'דיקן וועג,
מיר טוט ניט באַנג
מיין שיכרות'דיק געזאַנג...

מיליאָנען פיס וואַקלען זיך אין טאַנץ.
האַוואַנאַ ווערט מיין בליענדיקער טרוים.
דער הימל שיקט אַ פייערדיקן גלאַנץ.
איך האָב דיך ליב, האַוואַנאַ!
שיכרות'דיקער רויב...

## צו אַ צוקער־קאַניע...

אויף דיר, מיין צוקער-קאַניע,
האָט די זון צעגאָסן אירע שטראַלן
צו באַזיסן מיינע טעג!
איצט בין איך פריי,
איצט ביסטו פריי!
איך שיק אַ לויב דיינע מאַרטירער —
כ'האָב אויפגעשטעלט דאָ דענקמעלער
נאָך זיי.
און דו, מיין שטאָלצע צוקער-קאַניע,
שטייסט נאָך מיט דיין קאָפּ געבויגן?
אַהאַ! איך האָב פאַרגעסן גאָר —
דו ביסט נישט דיין!
ביסט אויך נישט מיין!

# קובאַנישע נעכט

אַ, ברודער מיינער, דו ברוין־הויטיקער קובאַנער,
קום אויף נאַכטלעגער
אין הינטער־געסלעך פון האַוואַנאַ
צו אונדזערע רינשטאָק־בעטן!
קום באַהאַלטן זיך
פון בלישטשענדיקע ליכטער,
פון קיילעכדיקע זאַטע טוריסטן־בייכער. —
ס'איז אונדז ווייכער
דער געלעגער אין די רינשטאָק־בעטן,
ווי זיי — אין אויסגעפוצטן לוקס־האָטעל
„סיווילאַ”.

אָ, אָ! אויף אונדז צערויטלט זיך
דער מאָרגנדיקער זונען־שטראַל —
און פאַלט
צו אונדזערע געלעגערס.
אויף זיי — די גאַל פון זינד,
אויסגעליידיקטע וויין־פלעשער —
און אויסגעטאַפּטע לייבער
פון גאַסן־פרויען.

זעקס־און־זיבעציק

# פון קובאַ־לאַנד, פון נאָסקע יאָלאָב
# און מאַטשאַדאָ

**צעצינדט** זיך האַוואַנאַ מיט טראָפּישער זון
און צינדט זיך, אין אָוונט, מיט פאַרביקע ליכטער;
עס שמייכלען קובאַנקעס צום גאַנצן אַרום —
און ס׳גייען קובאַנער אַרום ניט־באַשיכטע.

אַ ריה פון גראָזן און בלומען און פאַלמעס,
און ס׳שפּריצן פאָנטאַנען אין גלאַנץ פון דער נאַכט;
איר קענט ניט געפינען קיין איינציקע פאַלמע
אויף ענגער, אויף שטויביקער, אָרימער גאַס.

ס׳האָט בליאַסק און ס׳האָט שיינקייט צעלייגט זיך אויף
„פּראַדאָ״ *)
און רייכע פּאַלאַצן אַרום „מאַלעקאָן״ **);
צעזינגט זיך די ליבע צום הענקער מאַטשאַדאָ ***)
און בעסער ווי ווין איז זיין בלוטיקער שטראָם...

אין הייזער מיט לוקסוס, אין רייכע פּאַלאַצן,
צעטאַנצן זיך פראַנטן נאָך דזשעזישן קלאַנג;
ווען ס׳וועלן די טעג דאָ פון שיכּרות צעפּלאַצן —
וועט אויפגיין אַ טאָג מיט אַ פּראָסטן געזאַנג...

• • •

די שטאָט ווערט גרויס,
דאָס לאַנד ווערט גרעסער,
דורך בלוט און שוויים
און שאַרף פון מעסער...

---

*) רייכע גאַס אין האַוואַנאַ. **) רייכע גאַס אַרום ים־ברעג אין האַוואַנאַ. ***) פּרעזידענט און דיקטאַטאָר פון קובאַ, 1933־1925.

שטעט און שטעטלעך
און פלאַנטאַציעס ;
„סי סעניאָר !" *)
און „מוטשאַס גראַסיאַס !" **)

טעג אין מי
פון קובאַ'ס יונגען,
זינגט אַ ליד אַזאַ
דער הונגער :

— כ'וועל ניט אויסהאַקן קיין קאַניעס,***)
זאָלן אויסהאַקן זיי ווינטן. —
נאָר די זינגער שניידן קאַניעס,
האַקן אוים די צוקער־רערן,
פאַר אַ פאָר געציילטע פענים —
ניט גענוג זיך צו דערנערן...

ברענט די זון אויף צוקער־פעלדער,
זון איז גליענדיק און היים ;
שוויים פון היץ און שוויים פון אַרבעט,
מישט אויף לייבער זיך דער שוויים...

• • •

פאַר זעכצן סענט אַן אָונט־ברויט,
(אויב זעכצן סענט פאַראַן איז),
שמועסט מען עסנדיק, פאַרנאַכט, אין רעסטאָראַנען.

און וואָלקנס רויך פון שלעכטע סיגאַרעטן
העלפן, אַז דאָס מאָלצייט זאָל פאַרזעסן...

מען רעדט פון אַרבעט, מע טיילט זיך מיט די צרות —
מע לייענט אַ צייטונג און מען טוישט זיך מיט בראַשורן.

---

*) יאָ, מיין הער ! **) אַ שיינעם דאַנק דיר ! ***) צוקער־רערן.

דורך קלוגע רייד, דורך שמועסן און לייענען,
ווערן פולער און געפּאַקטער די פּאַראיינען...

שוסטער, שניידער, בעקער און מוליאַרעס
אין פּראָפ.־פּאַראיין, דערציילן אוים די צרות.

אין ענגע שטיבער און אין שמאָלע געסלעך,
קאָכט דאָס לעבן, קאָכט אין טויזנט קעסלען...

קאָכט דאָס לעבן, קעמפעריש און גאַליק —
קאָכט זיך מיט, אַ יונג, אַ נאָסקע יאָלאָב...

אַ יונג, וואָס וויל פון צרות ווערן פרייער,
צינדט זיך אָן מיט קעמפערישן פייער...

אָ, קובאַ־לאַנד! אָ, שוועסטערל האַוואַנאַ!
מע האָט דעם יום־טוב דאָ צעהאַנגען אויף די ווענט;
מע פיבערט דאָ אין פייערדיקע פלאַמען —
מע פיבערט און מע אָטעמט און מע קעמפט!...

• • •

ס'איז יעדער טאָג אַ שווייסיקער פון אַרבעט,
און יעדע נאַכט, פאַרזאַמלונג אין פאַראיין;
און נאָסקע ווייסט שוין ווי צונויפצומישן פאַרבן —
און ס'קען דער מייסטער ניט פאַררעדן אים די ציין...

עס עגבערט אים דער „ווייסער בליי" אין לונגען
און נאָסקע יאָלאָב טראַכט גאָרניט דערפון;
אַז דער פאַראיין איז פול מיט בלאַסע יונגען —
און יעדנס האַרץ איז ברענענדיקער קין...

און יעדן רעדנער מאַכט מען אָן אָוואַציע,
און ס'שרייט דער מאַסן־כאָר, שטורעמדיק, וויוואַ! *)
און ס'איז דער מייסטער פול מיט עקספּלואַטאַציע —
און עקספּלואַטאַציע איז צום לעבן אַ געפאַר...

*) זאָל לעבן.

„לאַ כוסטיסיאַ" *) איז אין לאַנד פאַרבאָטן,
צעטראָגט די צייטונג נאָסקע אין געהיים;
און די געהיים־אַגענטן קריכן נאָך, ווי שאָטנס —
און קומען אויך אַמאָל אין פּראָפ. פאַראיין...

אוּן וואו מען סטרייקט, און וואו אַ דעמאָנסטראַציע,
איז נאָסקע יאָלאָב גרייט און אויף דער וואַך;
אַז יעדער מייסטער זוכט נאָר עקספּלואַטאַציע,
און ס'ליידט דער אַרבעטער אין יעדן פאַך...

• • •

היי, „קאָמפּאַניעראָס"! **)
היי, קאָמפּאַניעראָס!
מיר זיינען די צינדער פון ליכטיקן מאָרגן!
היי, קאָמפּאַניעראָס!
היי, קאָמפּאַניעראָס!
מיר ווערן געפּייניקט, געיאָגט און געמאָרדעט!

און יעדער פאַרשטייט דאָ דעם זין פון די ווערטער,
און יעדער דערפילט דאָ די בלוטיקע גרוילן;
ס'האָט נעכטן אַ שטימע געוועקט און גערופן
און היינט איז זיין גוף שוין צעלעכערט פון קוילן...

ס'רעדט פּיעדראָ ***) מיט פייער, —
מיט וואוט און מיט ברען
צום שוסטער־פאַראיין, צו די סטרייקנדע ברידער.
אויף שפּאַניש דערציילט ער
וואָס היינט איז געשען —
און שלומ'קע שיינבוים פאַרטייטשט עס אויף אידיש.

---

*) „גערעכטיקייט", אַ רעוואָלוציאָנערע צייטונג. **) חברים.
***) פאָרזיצער פון שוסטער־פאַראיין. שפּעטער אויך דערמאָרדעט געוואָרן דורך מאַטשאַדאָס מענטשן.

אַבציק

און ס׳הערן זיך שטימען:
„אַבאַכאַ!" *) „וויוואַ!"
און ס׳הערן זיך שטימען:
נידער! זאָל לעבן!
עס רוישט און עס פיבערט
און ס׳שטורעמט דער זאַל —
דערנאָך ווערט די אַרבעט אויף מאָרגן פאַרגעבן...

• • •

צעוואָרפן ליגן דאָ די שמאַטעס אין די שטיבער;
ס׳איז יעדע שטוב אַ היימישער שפּיטאָל.
ליגט מען אויף די שמאַטעס און מען פיבערט
מיט אויגן ליכטיקע, ווי גליענדיקער שטאָל...

מיט אויגן ליכטיקע און לעכערדיקע לונגען —
און ס׳מויל, עס פרעגט צו זיך אַליין און שעלט:
וואו נעמט מען ברויט?
וואו נעמט מען דירה-געלט,
און אויפן לייב זיך אָנצוטאָן אַ העמד?

און ס׳טראָגט אין נאַכט אַריין זיך אַפּ אַ בייזע קללה
צום סטרייק-ברעכער, צום מייסטער און צו נויט...
און צו מאַטשאַדאָ׳ס בלוטיקער ממשלה,
וואָס שפּייזט די אַרבעטער מיט הונגער און מיט טויט...

ס׳וועט קיינער מאָרגן שוין ניט טשוועקעווען קיין זוילן.
אַזוי האָט מען באַשלאָסן אין פאַראיין.
אַזוי האָט פּיעדראָ אין זיין רעדע היינט באַפוילן
און ס׳האָבן שוסטער צוגעשטימט — איז ניין...

*) נידער, אַראָפּ.

---

איין-און-אַבציק

שליסט מען צו די אויגן מיט אַ שמייכל
און ס'פליט דער חלום איבער ימ'ען און אַהיים —
גיי געפין זיך אין אַ חלום שכל,
אַט איז מען דאָרט און גאָר דאָ אין פאַראיין...

• • •

האוואַנאַ ליכטיקע, אַ, שוועסטערל, האוואַנאַ!
מע האָט דעם יום־טוב דאָ צעהאַנגען אויף די ווענט —
מע פיבערט דאָ אין פייערדיקע פלאַמען —
מע פיבערט און מע אָטעמט און עס ברענט!...

• • •

נאָסקע טראָגט אַרום ביינאַכט
אַ פאַרבער־באַרשט, אַ בלעכל פאַרב.
אַ חבר היט, אַ חבר וואַכט —
און ס'ווערן גיך די ווענט באַפאַרבט...

פון גאַס צו גאַס
און אויף די ראָגן
שרייען לאָזונגען אויף ווענט:
„אַבאַכאַ מאַטשאַדאָ"! *)
„אַבאַכאַ פראַראָגאָ"! **)
און ס'זינגט די באַרשט אין נאָסקע'ס הענט...

און מאָרגן וועט דער מענטש שוין לייענען
לאָזונגען פון קאָמפּאַרטיי —
ס'איז שטיל אַרום, מע זעט ניט קיינעם
און פלוצלונג הערט ער אַ געשריי...

ער האָט דערהערט דעם חבר'ס צייכן
און האָט אין פינצטערניש דערזען,
ווי ס'לויפן אָן פון אַלע זייטן
שוואַרצע שאָטנס מיט געווער...

---

*) נידער מיט מאַטשאַדאָ! **) נידער מיטן געזעץ, אַז מאַטשאַדאָ זאָל זיך אַליין פאַרלענגערן דעם טערמין צו זיין פרעזידענט.

צוויי־און־אַכציק

אַ רעוואָלווער־זעץ אין שאַרבן,
אַ רעוואָלווער־זעץ אין שלייף;
נאָסקע ווייסט שוין, ער וועט שטאַרבן,
נאָר עס שרעקט אים ניט דער טויט...

בעסער גיב אויס די חברים!
בעסער זאָג ווער ס'האָט געשיקט דיך!
זאָג־זשע, אויב דו ווילסט נאָך לעבן!
צי אפשר ווילסטו מיט דיין גוף די שאַרקס דערקוויקן?...

נאָסקע שווייגט און רעדט קיין וואָרט ניט,
ענטפערט ניט אויף קיין שום פראַגע.
ביז ס'האָט ים אים איינגעשלונגען
און געווען ביי זיין לויה זיינען
מערדער, פיש און כוואַליעס...

ס'איז געווען אַמאָל אין קובאַ־לאַנד אַ פאַרבער,
ס'איז געווען אַמאָל אַ נאָסקע יאַלאָב.

# כאָסע וואַנג*)

אין האוואַנאַ, אין אַ קליינער וועשעריי,
האָט דער כינעזער כאָסע וואַנג
לאַנגע טעג אַריינגעפּרעסט אין העמדער.
מיט דאַרע הענט אין פּרעס־אייזן געשפּאַנט,
האָט כאָסע וואַנג פאַרדינט זיין ביסל רייז
אין אַ לאַנד אַ גליאיקן, אַ פרעמדן...

נאָר ס'איז ניט פרעמד געווען פאַר כאָסע וואַנג,
די האַרטע נויט פון טויזנטער כינעזער;
דערפאַר האָט ער מיט מי אין „טשי־קאַן־טאַנג" **)
געוועבט אין קובאַ־לאַנד
דעם מאָרגן פון דערלייזונג...

ס'פלעגט כאָסע וואַנג ,אין נעכט, אין פרייע טעג
זיצן און שטודירן קלוגע ביכער;
ס'האָט קאַרל מאַרקס געצייכנט אים דעם וועג,
ס'האָט לענין אים גענומען ביי דער האַנט —
אַרומגעפירט אים פייערדיק און זיכער...

ווערט כאָסע דער קאָפּ — אין טשי־קאַן־טאַנג,
און טשי־קאַן־טאַנג — דאָס האַרץ פון די כינעזער;
מאַטשאַדאָ ווילדעוועט אין קובאַ־לאַנד —
און ווערט אַלץ גרויזאַמער און בלוטיקער און בייזער...

---

*) די פּאָעמע איז געבויט אויף אַן אמתער פּאַסירונג אין קובאַ. כאָסע וואַנג איז דער נאָמען פון אַ כינעזישן רעוואָלוציאָנער, וואָס איז אומגעקומען דורך מערדער־הענט אין קובאַ פון דעם הענקער מאַטשאַדאָ.

**) דער נאָמען פון אַ כינעזישער לינקער פּאַרטיי.

פּיר־און־אַכציק

טראָגט כאָסע וואַנג זיין שטאָליק וואָרט אַרום
אין ענגע, אָרעמע, כינעזישע קוואַרטאַלן;
ס׳גייט אויף זיין וואָרט אין הייזער אומעטום —
ס׳גייט אויף זיין וואָרט, ווי זונליכט־רויטע שטראַלן...

נאָר ס׳היטן אָפּ שפּיאָנען זיין פּאַרטיי —
און היטן בייז זיין פיבערדיקן צאָרן;
אַ שטעכיק אויג שפּיזט דורך זיין וועשעריי,
וואָס איז אַ „בירזשע“ אַ כינעזישע געוואָרן.

ס׳גייט טשי־קאָן־טאַנג מיט קובאַ׳ס קאָמפּאַרטיי,
ס׳גייט כאָסע וואַנג מיטביידע קעגן הענקער;
ער גרייט זיין פאָלק מיט רוף צום ערשטן מאַי —
און זאָל מאַטשאַדאָ וויסן און געדענקען...

אין פאָלק ווערט רייף אַ שטורעמדיקער דראַנג
נאָך פרייען וואָרט, נאָך פרייער פּרעסע —
נאָר רייפער ווערט דער פּשוטער פאַרלאַנג:
דאָס פאָלק איז הונגעריק,
דאָס פאָלק וויל עסן!
נאָר די שפּיאָנען, די געדונגענע, אין לאַנד
שניידן אָפּ דאָס לעבן, ווי מיט מעסערס...

עס ווערן מענטשן דאָ געוואָרפן אינעם ים,
אַ מענטש ווערט אָפט צעלעכערט דאָ פון קוילן;
מאַטשאַדאָס מאַכט איז מיאוס, ווי אַ שראַם —
און דורכגעווייקט אין מענטשן־בלוט, אין גרוילן.

רופט טשי־קאָן־טאַנג, רופט קובאַס קאָמפּאַרטיי:
באַפרייט דאָס לאַנד!
באַפרייט עס פון די הענקער!
און ס׳גרייט זיך ס׳לאַנד צום יום־טובדיקן מאַי —
און זאָל מאַטשאַדאָ וויסן און געדענקען...

פינף־און־אַבציק

נאָר גרייט איז שוין געווען די פּאָליציי —
מאַטשאַדאָ האָט אין וואַנגן ניט פאַרגעסן...
נאָך פּאַרן זון־אויפגאַנג פון ערשטן מאַי
איז כאָסע וואַנג געזעסן אונטער שלעסער...

עס האָבן טורמע־ווענט אים אויפגענומען קאַלט,
נאָר וואַנג׳ס טריט אין טורמע זיינען בראַווע —
פון יעדן פענצטערל, פון יעדן שפּאַלט,
באַגריסן אים די אויגן פון אַ חבר...

ס׳איז גאַלוּפּ דיאַס דאָ מאַטשאַדאָ׳ס האַנט —
מיט אויגן שפּיזיקע, מיט אויגן פּרעכע;
געדונגען האָט ער שוין צו טויט און שאַנד —
צוויי אַלטע מערדער, בלוטיקע פאַרברעכער.

אַ סודותדיקע שטילקייט אין דער נאַכט —
און כאָסע וואַנג איז רואיק זיך געשלאָפן.
און קיינער ווייסט ניט, וואָס ער האָט געטראַכט,
און וואָס ער האָט געחלומט אין דער נאַכט —
ווען ס׳האָט זיין קאַמער־טיר זיך שטילערהייט צעעפנט.

אַ מערדערס לאַפּעס שטיקן וואַנגס האַלדז,
אַ צווייטער האַלט זיין גוף אים ווי מיט צוואַנגען —
און טויטערהייט — מיט ליילעך אַרום האַלדז —
האָבן מערדער אים אויף גראַטעס אויפגעהאַנגען...

— — — — — — — — — — — — — — — —

צומאָרגנס האָט אַ וואונדיקער געשריי
געטראָגן זיך פון טורמע, מיט פּראָטעסטן...
און אויף גאַסן האָט דאָס פאָלק אין ערשטן מאַי
זיך צוגעגרייט צו ריזיקע פּראָטעסטן...

זעקס־און־אַכציק

# ווינטער

פאַלן ווייסע שנייעלעך,
כאַפּט דערנאָך אַ פרעסטל,
פאָר איך אויף שליטעלע,
פאָר איך אין אַ קעסטל.

משה איז דאָס פערדעלע,
יאַנקל איז דער שמייסער,
און איך אַ פאַרשנייטער
בין אַ בער — אַ ווייסער...

# אויפן גליטש

אַ קונץ זיך צו גליטשן
ווי אַ טייוול אויף גיך,
אַז מ'האָט אַ פאָר גוטע
און נייאינקע שיך?
אַ קונץ איז צו געבן
אַ פלי צו, ווי איך,
אָן גליטשערס —
מיט אַלטע, צעריסענע שיך;
ניט האָבן קיין מורא
פאַר שניי און פאַר קעלט —
און טאַנצן און שפּרינגען
אויף גליטשיקער וועלט...

„פרייהייט", דעצעמבער 30, 1929.

## כ׳וויל ניט זיין קיין קייסער...

אינעם גרינעם וועלדעלע
וואַקסן הויכעביימער, —
אהרן, משה, וועלוועלע,
לאָמיר וואַרפן שטיינער.

לאָמיר גיין אַ טענצעלע,
ס׳איז אַ טאָג אַ הייסער.
נאַדיר אַפ דאָס קרענצעלע,
כ׳וויל ניט זיין קיין קייסער...

## אין דערוואַרטונג...

אַ קלאַפּ אין טיר —
אָ, אַ טעלעגראַמע!
זי עפנט גיך און ס׳ציטערן פון פרייד
די הענט.
מאָרגן אינדערפרי, זיבן זעכצן וועל איך
קומען!
דאָס לעצטע וואָרט
ווערט גרעסער ווי אין שטוב די ווענט...

זי לייענט שוין נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל
די טעלעגראַמע,
און דער געדאַנק, ער פליט אויף מיילן ווייט;
פאַרוואָס־זשע שרייבט ער ניט ווען ער׳ט קומען?
אינדערפרי —
צי גאָר אין אָוונט־צייט.

דער „אינדערפרי"
איז ערגעץ־וואו פאַרשוואומען —
וואָס איז אַ טרוקן וואָרט אין אַ ים פון פרייד?...
זי וועט היינט איינקויפן די שמעקנדיקסטע בלומען.
און דער געדאַנק,
ער פליט אויף מיילן ווייט...

גײנציק

# מיסעס בלום דערציילט

מיסעס בלום דערציילט
מיט אַ שטילן פאַרדרוס:
ס'איז ס'לעבן ניט דאָס וואָס אַמאָל;
די ליבע איז אויך שוין ניט דאָס
וואָס אַמאָל.
ס'אַנטלויפן די טעג צו אַן ענדלאָזן טאָל — —
חדשים און יאָרן, זיי לויפן זיי נאָך...

זי געדענקט —
ווען זי האָט מיט איר מאַן זיך באַקענט,
האָט די ליבע געברענט מיט אַ העלישן פייער —
ער פלעגט זי נאָר רופן:
מיין ליבסטע, מיין טייערס!
און קושן און האַלדזן
און גלעטן זי צאַרט,
און זי האָט מיט פרייד
אויף די נעכט שוין געוואַרט.
ער'ט קומען מיט בלומען
(אַליין אויך אַ בלום),
מיט ציטער אין גומען —
מיט לויב און מיט רום.

עס איז אים געפעלן איר קלייד און איר הוט,
די רויטע קאַרעלן,
נאָך רויטער פון בלוט;
אַ פעדערל פלעגט ער דערזען אויף איר קלייד
און פלעגט מיט זיין האַנט עס פאַרשאַרן
מיט פרייד...
איצט איז ער איר מאַן שוין
דאָס אַכצנטע יאָר
און גאָרניט דער זעלביקער מענטש

איין-און-נײַנציק

וואָס אַמאָל...
זי קויפט זיך אַ קלייד,
אַ הוט, אַ פּאָר שיך —
און ער איז אינגאַנצן פאַרנומען
מיט זיך.
ער טראָגט אַ פּאָר ברילן
און זעט ניט קיין זאַך —
פאַרבייסט זי די ליפּן
און פרעגט מיט אַ לאַך:
האָסט גאָרניט באַמערקט היינט?
האָסט גאָרניט געזען?
ער קוקט און ער ווייסט ניט
וואָס היינט איז געשען.
— — — — — — — — — —

— — — — — — — — — —

זי האָט נאָך פאַרהיט איר רייץ
און איר גלאַנץ —
און וואָלט איצט נאָך גערן געגאַנגען
אַ טאַנץ, —
נאָר ס׳איז שוין דאָס לעבן ניט דאָס
וואָס אַמאָל;
די ליבע איז אויך שוין ניט דאָס
וואָס אַמאָל.
ס׳אַנטלויפן די טעג צו אַן ענדלאָזן טאָל —
חדשים און יאָרן,
זיי לויפן זיי נאָך...

# אין פוילן

(פראַגמענטן פון אַן אויטאָביאָגראַפיע)

אַ שטוב, צוויי בעטן, אַ שלאָף-באַנק, אַ טיש.
אַן אַלטער קאַמאָד און אַ שאַפע אויף קליידער;
ד'אָס דיקע געוואַנט איז צעלייגט אויפן טיש
און ס'דזשאָבעט אַ באַנדע מיין זיידע דער שניידער.

ס'האָט באָבע איר אייגענע אַרבעט אין שטוב,
צו פוצן די לייכטער, קאָכן און וואַשן;
און ס'איז איר די אַרבעט אי ניחא אי ליב —
נאָר זיידע איז אַלעמאָל גרייט מיט אַ קשיא:

פאַרוואָס לעבט זיך בעקערמאַן אָפּ אין עשירות?
און שרה'לע-סאָווע האָט באָמבעס מיט געלט...
און אים איז באַשערט נאָר צו ציילן די ספירות —
פאַרוואָס האָט עס גאָט אַזאַ וועלטל געשטעלט?!

פאַרוואָס מוז ער דווקא זיך לייען אויף שבת —
און קען שוין קיין גילדן ניט קריגן פון האַנט...
פאַרוואָס מוז ער ניטשעווען, נייען און דזשאָבען —
און דאַרפן באַצאָלן אין קראָם פאַר געוואַנט?...

— אָ, זע נאָר, דבורה, ווי ס'שטעלט זיך דער ווינטער,
ווי ס'ווערן די שויבן פאַרקאָוועט מיט אייז.
עס יאָגט דאָך אַ קעלט, ווי להבדיל, פון צווינטער;
און ס'ווערט שוין דער זיידע פאַרכמורעט און בייז...

— וואָס זינדיקסטו, בערל? — בעט זיך די באָבע —
ס'זאָל גאָט מיך ניט שטראָפן פאַר זינדיקע רייד...
נעם בעסער, כ'לעבן, פאַרלאַטע מיין שובע —
כ'האָב ערגעץ געמאַכט אַ גוואַלד-רים אין קלייד...

פינה-און-כיינציק

# דער זיידעס פּאָרט אויפֿן יאַריד

די גאַס איז נאָך פינצטער, עס שאַריעט אויף טאָג,
עס ברענט נאָך אַ לעמפּל ביים זיידן אין הויז;
אינדרויסן, מיט סחורות געפּאַקט איז דער וואָגן
און אידן און אידענעס זעצן זיך אויס...

עס זיצט שוין דער פורמאַן ביי זיך אויף דער קעלניע
און שמייסט די פּגרים, וואָס רופן זיך פערד;
פּאַמעלעך, רב מאָטל, צעקוועטשט ניט מיין צעלניק!
צעשרייט זיך אַ אידענע: מאָטל! איר הערט?

אייסעך — וואָס שרייט זי, ווער טשעפּעט איר צעלניק?
אַן איינפאַל אַ ביסל, משוגע? צי וואָס?
נו, פאָר שוין! העי, ריר זיך שוין, לייבקעלע זעלנער!
און ס'ברענט שוין דער פורמאַן פון כעס און פאַרדראָס...

— וויאָ! וו - י - אָ - אָ! העטיאָ און הײדאָ!
ריר זיך שוין, קאַרע! העי, ווישטאָ, בולאַנע!
עס הייבן די פערד נאָר די קעפ און די ווידלען
און שטייען — עס העלפט ניט קיין וויאָ און קיין טענה...

נו, אידן, זייט מוחל, אַרונטער פון וואָגן!
איר'ט דאַרפן אַ שטופ טאָן אַרויף אויפן בערגל!
איך קען מיינע סוסים, עס העלפט ניט קיין שלאָגן —
נו, אידן, אַ פּלייצע — און זייט ניט קיין קאַרגע!...

ביים רעדל, רב מאָטל, ביים הינטערשטן רעדל!
און איר דאָרט, רב בערל, נעמט אָן ביי דעם צווייטן!
און ס'בייטשל האָט דווקא זיך האַסטיק צעשלאָגן
אויף פערדישע רוקנס, אין פערדישע זייטן...

זעקס-און-ניינציק

עס פאָרט שוין דער וואָגן און האָצקעט אויף שטיינער,
מיט באַנדעס און היטלען, מיט צעלניק און טעפּ;
און ס׳פּרעסן די צוימלעך אין פערדישע מיילער —
און פון ווייטיק הויבן פערד אויף זייערע קעפּ...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַזוי זיינען אידן אַוועק נאָך פּרנסה,
אַזוי ז׳מען געפאָרן צום גריצער יאַריד;
געקומען צוריק מיט אַ הייזעריק לשון —
פאַרזאָרגט און פאַרכמורעט, פאַרמאַטערט און מיד...

## איך דריי זיך אין מאַרק

איך דריי זיך אין מאַרק און איך גיי ניט אין חדר,
ס׳האָט רבי, פאַר גאָרניט, מיך נעכטן געשלאָגן;
עס שמירט דאָ אַ פויער מיט שמירעכץ די רעדער —
עס הירזשען די פערד אין די פויערישע וואָגנס...

איך קוק אויף געשטעלן, איך קוק אויף די טישלעך —
אויף אַלץ, וואָס מען קריגט דאָ צו קויפן פאַר געלט:
וועלטשענע נים און טערקישע ניסלעך;
און הער ווי מען קריגט זיך
און הער ווי מען שעלט...

ווייבער פאַרקויפן געזאַלצענע בייגל.
אידן פאַרקויפן דאָ שטיוול און שיך.
כ׳זע טישלעך מיט זיסוואַרג,
מיט טייטלען און פייגן
און ס׳לאָקט מיך דער מאַרק און רופט מיך צו זיך...

זעקלעך מיט תבואות אויף פויערישע וואָגנס,
עופות געבונדענע לאָזן זיך הערן;
און ס׳דרייען זיך אידן, פאַרשמייעט, צעטראָגן —
און טראָגן די היטלען פאַררוקט אויף די שטערנס...

ווייבער אין שייטלען, ווייבער אין קופקעס,
דזשווינגען פון מאַרק די געקויפטע מציאות;
און ס׳טרעפט מען צעקריגט זיך,
עס טרעפט מען צעשלאָגט זיך,
ביים אויסקויפן איינער דעם צווייטן די תבואה.

עס דרייען אַרום זיך דאָ יונגע גנבים,
מיט אויגן גנבישע, רואיק און קאַלט — —
און ס׳ווערט אָפט אַ גנב פון פויערים צעשלאָגן —
און ס׳ווערט אַ גערודער און ס׳ווערט אַ געוואַלט...

פולע, מיט קונים, געפּאַקטע געוועלבער —
און אידן פאַרהאַוועטע, אינגלעך פאַרטראַכטע;
עס פירן קצבים בהמות און קעלבער,
מיט שטריק אויף די העלדזער, אַוועק צו דעם שעכט-הויז...

און בעטלער צעזינגען זיך, לידער פאַרבענקטע —
און ס׳פאַלן מיט קלאַנג אין די טעצלעך די גראָשנס;
עס שיכור׳ן פויערים זיך אָן אין די שענקען —
און ס׳ווערן אין שיכרות די אויגן פאַרלאָשן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

איך דריי זיך אין מאַרק און איך גיי ניט אין חדר,
ס׳האָט רבי, פאַר גאָרניט, מיך נעכטן געשלאָגן;
און זאָל ער מיר מאָרגן צעברעכן די ביינער —
כ׳וועל שווייגן — אין ווייטיק —
כ׳וועל גאָרניט ניט זאָגן...

## מיין טאַטע שטאַרבט

דער טאַטע נייט אַ פּעלצל, אַ ווייבערשן סערדאַק —
און צירט אוים, לשם-מצוה, רעשינקעס צו ברית׳ן;
און טאַנצט נאָך שמחת-תורה מיט אידן אַ האָפּאַק —
און הערט ניט אויף צו כאָרכלען,
הערט ניט אויף צו הוסטן...

אַכט-און-ניינציק

ער׳ט ווען עס איז, אין שטוב נאָך, טריקענען די ווענט:
דער ווילגאַטש האָט אַריינגעבראַכט די הוסטנדיקע צרה...
און גלעט די באָרד, די לאַנגע, מיט ביינערדיקע הענט —
און זיפצט אַריין דעם ווייטיק
אין אַן אָפענער גמרא...

די מאַמע טראָגט אים אונטער ס׳פלעשעלע רעצעפּט —
און פרעגט מיט אויגן טרויעריקע:
זאָג, וואָס זאָל איך דיר געבן? —
נאָר טאַטע הויבט די פּלייצע און ענטפערט מיט אַן עט...
כ׳וועל צופאָרן צום הייליקן,
צום ביאַלאָבזשעגער רבי׳ן...

— אַז כ׳בין אַזאַ חולה, כ׳בין ניט אַזוי קראַנק,
און ס׳לעפּעלע רעצעפּט האָט ניט דער ווערט קיין שהי־פּהי...
אַז גאָט וויל שענקען ס׳לעבן, לעבט מען יאָרן־לאַנג —
מיט אַסטמע און מיט כ׳ווייס דאָרט אַנדערע מציאות...

נאָר שווערער ווערט אים ס׳אָטעמען — אין כאָרכלדיקע נעכט —
און דאָקטאָר האָט באַפוילן אים אַוועקפאָרן אויף דאַטשע;
און טאַטע פירט מיט אַסטמע־הוסט אַ בלוטיקן געפעכט —
עס ציטערן די הענט אים
און דאָס פנים ווערט אים בלאַסער...

צו אַכט און פערציק יאָר
האָט זיך אָפּגעשטעלט זיין האַרץ.
צו אַכט און פערציק יאָר
האָט זיין לעבן זיך פאַרלאָשן;
און ס׳קומען פריינט און טרייסטן אָפּ
דאָס בענקענדיקע האַרץ:
האַדוישעם נתן!
האַדוישעם לקח!...

• • •

ניין־און־ניינציק

מיין טאַטע האָט די יאָרן זיינע אַריינגעניייט אין פּעלצן,
און דעם אַסטמע־הוסט אַריינגעכאָרכלט אין זיין באָרד;
טעג און נעכט אין ווייטיק איינגעפּעלצטע
און דאָס ברויט, דאָס טרוקענע, געשפּאָרט.

ס׳איז דער טאַטע מיינער יונגערהייט געשטאָרבן,
ס׳האָט זיין וועלט געלעבט נאָר אַכט און פערציק יאָר, —
ס׳האָט דער פּעלצן־סם גענומען אים אַ קרבן —
און וויפיל אַנדערע, דאָס וויים איך ניט אויף קלאָר.

געדענק איך איצט זיין הויך געקנייטשטן שטערן
און זיינע לאַנגע ביינערדיקע הענט;
און וואָס איז איצט פאַראַן פון וואָס צו קלערן,
פון זיבן קינדער אין אַ וועלט, וואָס ברענט?...

ס׳איז מיין טאַטנס זאָרג שוין לאַנג געשטאָרבן,
געשטאָרבן, נו, וואָס איז דאָס פאַר אַ וואונדער?
ברענט די וועלט
און ס׳מאָליען זיך די זיבן קינדער זיינע;
פע!
די וועלט איז ניט קיין שיינע...

## מיין היים דערנאָך

מיין ברודער שאול איז אַ בוכהאַלטער און אַ טעריטאָריאַליסט,
אהרן, אַ קאַמאַשנמאַכער, איז גאָר אַ בונדיסט.
אסתר־מלכה איז אַ שניידערין, רויזע העלפט אין קראָם —
און די אינגסטע מרים־בלומע איז, ווי איך, גאָר גוט און פרום.

כ׳גיי יעדן טאָג מיר דאַוונען מיט מיין עלטסטן ברודער שמואל,
און קדיש זאָג איך אויף אַ קול, אַז ס׳קלינגט מיט מיר די שול.
אין חדר גיי איך יעדן טאָג און טו אַלץ וואָס מען מעג —
און ס׳לערנט דעם רבינ׳ס קאַנטשיק מיך
צו גיין אין גלייכן וועג...

הונדערט

איך כאַפּ זיך אויף פון שלאָף ביינאַכט
און זע אַ לעמפּל שיינט —
שאול איז אין בוך פאַרטיפט,
ער זיצט זיך שטיל און לייענט.
ביכער איז אין שטוב פאַראַן
און ספרים אויך אַ סך —
איך זע אָפט, ווי מיין ברודער שאול
שרייבט עפּעס אַ זאַך...

ער ברענגט גאָר אָפט אין שטוב אַריין
די „הצפירה" און דעם „פריינד";
און שבת לייענט ער אויף אַ קול
און מאַמעס פּנים שיינט...

איך נעם שוין אויך אַ בוך אין האַנט,
איך בלעטער דורך „די שטראַל" —
און אהרן היצט זיך גאָר פון „בונד",
פון מאַרקס און פון לאַסאַל...

## אונדזער קרעמל

די מאַמע שטייט אין קרעמל
פון אינדערפרי ביז שפּעט ביינאַכט —
און שרייבט אַריין די חובות אינעם בוך, דעם דיקן;
— נעכעלע! אַ הערינג, און גיט מיר קליינע ליכט —
און קלויבט מיר אויס אַ הערינגל,
גאָר עפּעס אַן אַנטיקל...

— אוי, גיכער! כ'האָב קיין צייט ניט,
אַ טרוקן שטיקל זייף!
אַ האַלב פונט פּערל-גרויפּן,
ווי טייער לייזט איר אַרבעס? —
און יעדער קונה דינגט זיך,
און יעדער קונה שרייט:
גיכער, כ'קאָב קיין צייט ניט,
כ'האָב אין הויז נאָך אַרבעט!

— כ׳דאַרף כשר־מאַכן ס׳דרויבעלע,
אוי, עס איז שוין שפּעט!
ביי פּערל־לאה׳ן, די סטראַגערקע,
געכאַפּט אַט די מציאה!...
כאַפּט אַ קוק אומיסטנע,
זעט כאַטש, ווי ס׳איז פעט —
און טרעפט נאָר וויפיל ס׳קאָסט מיך
אַט די גאָלדענע מציאה?!

און פריידיק, אין פאַרהאַוועטקייט
לויפט גיכער אַפ דער טאָג,
די שול־גאַס ווערט שוין ליידיקער —
צעוואַשן און צעצוואָגן;
אַ איד, אַ שומר־שבת׳ניק,
באַווייזט זיך פונעם ראָג,
זיין פּנים רויט־רציחה׳דיק
אַ גרייטער זיך צו שלאָגן...

ער שטעלט זיך ביי אַ קרעמל אַפּ
און שאָקלט מיט דער באָרד —
און ס׳ציטערן די קונים
און די קרעמערקע אוודאי.
זיין פוס גיט אויף דער טיר־שוועל
דאָרט באַפעלעריש אַ טופּ:
אַהיים גייט, גויעם! חצופות!
אַהיים שוין, גויעם!
שבת!...

## ביי לוי היטל־מאַכער אויף דער לער

ס׳איז לוי, דערציילט מען, אַ גרויסער גביר
און ס׳שמ׳ען אין שטאָט זיינע היטלען.
אַ איד מיט געשעפט, מיט אַן אָפענער טיר —
און ניט קיין טאַנדעטניק פון היטלען...

האָט מאַמע גערעדט צו זיין ווייב, דער האָרבאַטע :
— שבע'ניו, טוט מיר אַ טובה ;
כ'דאַרף זיין צו מיין אינגל אַ מאַמע און אַ טאַטע, —
איז רעדט זיך דאָרט דורך מיט אייער לוי'ן.

זאָל ער נעמען מיין אינגל צו זיך אויף דער לער —
ביי אייך וועט ער ווערן אַ מענטש שוין ;
און ס'ווערן די אויגן, דער מאַמעס, פאַרטרערט —
און כ'הער, ווי זי לויבט מיך און בענטשט מיך.

זי פירט מיך דערנאָך אַף צום אָסטראָווצער רבין,
צו בעטן דעם רבינ'ס הסכמה...
און ס'גיט מיר אַף שלום דער רבי זאָל לעבן
און זאָגט, אַז ס'וועט גוט זיין מסתמא...

עס פירט ביי דער האַנט מיך די מאַמישע צאַרטקייט —
ס'איז, זאָגט זי, אַ שיינע מלאכה :
זאָלסט פאָלגן דעם מייסטער און זיי ניט פאַרשאַרט דאָרט !
ס'האָט רבי געגעבן זיין ברכה...

איך בלאָז שוין אין פרעסל די האָלצענע קוילן
און ס'אייזן ווערט הייסער און הייסער —
אַזוי האָט דער מייסטער, רב לוי, באַפוילן —
כ'וועל קריגן אַ רובל אויף פסח !...

מען שיקט מיך נאָך פאָדים, מען שיקט מיך נאָך וואַטע :
— נו, לויף שוין, נו, גיי ווער גע'הרג'עט !
נו, ריר זיך, דו ממזר, אַ רוח אין דיין טאַטן !
דאַרפסט פרעסן די נעטלעך און „זשאַרגעס" *)...

העי, דו, וואָס שטייסטו פאַרקרימט ווי אַ יויזל ?
וואָסי־וואָס, דו קענסט זיך ניט רירן ?!
און נעם און צעטרען מיר די זעלנערשע הויזן
און רייניק מיר אוים דאָס מונדירל !

---

*) פאַלשע קאַנטן אין מיליטערישע היטלען.

און גיי נאָר צום ברונעם און ברענג אַ קאַן וואַסער
און שטעל זיך ניט אָפּ מיט די יונגען!
איך כאַפּ אָפּט אַ שמיץ מיט אַ פּרעס־טוך אַ נאַסן,
פאַר בייסן די נעגל פון פינגער...

איך לערן צוביסלעך די שיינע מלאכה,
איך שלאָג זיך אַרויס פון די כוחות;
דערויף האָט דער רבי געגעבן זיין ברכה:
— נישקשה, ער'ט ווערן אַ סוחר...

## עס בייט זיך די מאַכט

קאַוואַלעריע רייט אויף די פערד,
קאַזאַקן פליען אויף די פערדלעך;
און אידן זוכן אַ באַהעלטעניש פאַר שווערד —
און אידן זוכן צו באַהאַלטן זיך פון מערדער...

דורך שפּאַרעס קוקט מען צו דער טויט־שרעק אויפן גאַס.
דורך שפּאַרעס קוקט מען צו דער טויט־שרעק אין פאַרצווייפלונג;
אָט איז שוין דורך, דורך גאַסן, דער אַבאַז —
די גאַסן שטיל און שרעקנדיק און ליידיק...

דריי אידן האָבן די קאַזאַקן אויפגעהאַנגען.
דרייביימער אינעם וואַלד געוואָרן זיינען תליות;
פאַרנאַכט איז פייערדיק די זון פאַרגאַנגען
און גויים האָבן קראָמען צעראַבירט...

פון הינטער שטאָט, עס הערן זיך די שאָסן,
עס הערט זיך נאָך דאָס קוילנדיקע פייפן;
מע זאָגט, אַז ס'טרעטן אָפּ די מערדערישע רוסן —
און ס'וועלן אָנקומען דעם „פּעטער וועלוול'ס" *) דייטשן...

*) אידן האָבן פאַרשטעלטערהייט אָנגערופן דעם קייזער ווילהעלם, פּעטער וועלוול.

פאַרטאָג האָט מען די טירן אויפגעעפנט
און מ'איז אַרוים פון בוידימער און קעלערס.
מען האָט די דייטשן שוין אין שטאָט געטראָפן
און אויפגענומען דייטשישע באַפעלן...

און אידן עפענען די קרעמלעך און די קראָמען,
מיט „ביטע-שיין" און הונדערטער „יאַ-וואָל'ן"...
און די דייטשן האָבן סחורות אָנגענומען
און צוגעזאָגט, אַז גאָט וועט שוין באַצאָלן...

## „פוילן דערוואַכט"...

שקצים אין מונדירן,
ביקסן און באַגנעטן,
שפאָרן אויף די שטיוול
קלינגען צו די טריט.
שקצים אין מונדירן
זידלען דיך און שפעטן:
— פאָר קיין פאַלעסטינע!
דו, „פאַרשיווי זשיד"!

ווערן אינגלעך שטילער,
ווערן אידן בלאַסער —
און אויף ראַטהויז פלאַטערט
פוילנ'ס פרייע פאָן;
שיכור'ע ענדעקעס
יובלען אין די גאַסן,
שיכור'ע ענדעקעס,
העצן צו פאָגראָם.

ווילדעוועט די שנאה,
בושעווען ראַיאָטן —
באַנדעס כוליגאַנעס
שניידן אידנ'ס בערד.

אידישע פאַרמעגנס
ווערן דאָ צעטראָטן;
און ס׳ווערן כוליגאַנעס
פון קיינעם ניט געשטערט.

ס׳טראָגן כוליגאַנעס
מעסערדיקע שאַרפן —
אין פוילנס יעדן שטעטל.
פון לויפנדיקע באַנען,
ווערט דער איד געוואָרפן.
הפקר איז דאָס לעבן,
הפקר — אידיש בלוט...

גרינבוים *)
און פרילוצקי **)
שרייען אויס דעם ווייטיק,
שרייען אויס די ליידן
מיט ביטערניש — אין סיים...
פוילישע צענזורן
ווייסן אָפּ די ציימונג —
זאָל די וועלט ניט הערן
ס׳אידישע געוויין...

„פוילן פאַר פּאָליאַקן!“
קלינגט אין גאַס אַ לאָזונג.
פוילן פאַר פּאָליאַקן!
שרייט מען דיר אין אויער;
פוילישע בויאַנעס
האָבן זיך צעלאָזן —
ווערן שטעט און שטעטלעך
איינגעהילט אין טרויער...

---

*) יצחק גרינבוים, פירער פון ציוניסטן, פּאָליטיקער, דעפּוטאַט אין פוילישן סיים.

**) נח פרילוצקי, פירער פון דער אידישער פאָלקס־פּאַרטיי, שריפטשטעלער און כלל־טוער, דעפּוטאַט אין סיים.

# באַוועגונג...

אינגלעך ווערן לייטישער,
מע קומט אין ביבליאָטעקן.
מע זיצט דאָרט איבער צייטונגען,
מע נעמט אַהיים זיך ביכער;
פּאַרטייען און פּאַרטייעלעך
רופן אונדז און וועקן —
ביי יעדערן איז די וועלט־פּראָבלעם
געלייזט — און טאַקע זיכער...

ווער עס איז אַ „רויטער",
און ווער גאָר אַ ציוני.
ווער ס'גייט אַוועק אין „גראָסער־קלוב"
און ווער צו פּועלי־ציון.
און ס'קומען דעלעגאַטן אָן —
און ס'גרינדן זיך פֿאַראיינען —
און ס'נעמן די פֿאַראיינען זיך
צעוואַקסן און צעבליען...

איך ווער אַ פּועלי־ציוניק,
אַ לינקער פֿון דער „יוגנט",
און ס'ווערט מיר בער באָראָכאָוו
אַ וועגווייזער און פֿירער.
און גרייט בין איך, מיט פֿויסטן,
פֿאַר זרובבל'ן זיך צו שלאָגן —
און גרייטער נאָך צו לויבן אים,
צו זינגען אים אַ שירה...

אין „קרייזלעך” ווערן אָנגעפירט
די היציקסטע דעבאַטן.
ס'איז אַ „קרייזל” אויף אַ בוידעם-שטוב
און יוגנט אויף דער וואַך...
עס פליען די באַגרינדונגען
מיט ביישפּילן, ציטאַטן ;
און אויגן ווערן ליכטיקער —
און ס'ברייטערט זיך דער שליאַך...

מיט לייענער און מיט ביכער
זיינען פול די ביבליאָטעקן.
עס ווערן אונדז ראָמאַנען און דערציילונגען
באַקאַנט ;
מיין שרייבערישער ווילן הויבט אָן זיך
צו צעוועקן ;
פּרוביר איך, ביי אַ ליכטל-שיין,
אין נעכט אויס מיין טאַלאַנט...

כ'טראָג לידער אין די קעשענעס
און לייען זיי פאַר חברים.
איך שיק זיי צו דער „יוגנט פאָן”
און וואַרט און האָף און וואַרט...
ביז איינמאָל האָט מיין נאָמען מיר
אַ גלאַנץ געטאָן אין ד'אויגן :
אַ ליד מיינס איז שוין אָפּגעדרוקט,
צו עפּעס זיך דערוואַרט...

## זיי מוז איך געפינען...*)

עס קען זיך דער ווילן פון לעבן ניט שטילן,
מעג מען אים פאנגען און בינדן —
וואָס שוואכער און מידער
ס׳ווערן די גלידער,
אַלץ מער וועט זיך פלאַטער צעצינדן...

ס׳קען קיין געדאנק ניט פאַרהאַלטן דעם גאנג
וואָס יאָגט מיט א שנעלקייט פון לעבן.
וואָס מערער עס ווען
די נעפלען זיך שטעלן,
אַלץ שטאַרקער וועט וועקן דאָס שטרעבן.

מעגט איר מיך שמידן אין אייזערנע קייטן,
אַז כ׳זאָל אייך די שיינקייט ניט שפּינען.
דאָך וועט אין מוח דער ווילן צעשטרייטן
און זוכן די וועגן וואו ס׳וואַקסן נאָר קווייטן —
די וועגן, זיי מוז איך געפינען...

*) דאָס ערשטע אָפּגעדרוקטע ליד: „יוגנט פאָן", קראָקע, 1922.

# יחזקאל און איך

יחזקאל און איך — צוויי האַרציקע פריינט,
צוויי ליבלעכע יוגנט-חברים:
מיר האָבן צוזאַמען געלאַכט און געוויינט
און צוזאַמען געגאַנגען אין לעבן.

צוזאַמען געטראָגן פון „יוגנט" די לאַסט —
צוזאַמען געפילט די אחריות;
און שבת נאָכמיטאָג — פון רווישיקער גאַס —
אַריין אין בית-מדרש — מיט ערנסט און שפּאַס —
צו טייטשן לערנען משניות.

עס זיינען דאָרט אידן געזעסן ביים טיש,
געזעסן, געטראַכט און געהערט,
מיט רויטע פאַטשיילעס דעם שוויים זיך געווישט —
ביז ס'איז זיך פּאַמעלעך געקומען צום טיש
דער משכיל: רב מאָטיע בער.

ער האָט אונדזער רעבי'ן געכאַפּט ביי אַ גרייז
און רק אים געשטאָכן מיט ווערטלעך:
— נו, זאָג מיר נאָר, יאָשקע, דעם טייטש
אויב דו ווייסט? —
שעם זיך ניט, זאָג, תנא-באַרטעק!...

מאָטיע בער, דער משכיל, דער עליו'שער קאָפּ
האָט רואיק און קלוג זיך געשמייכלט —
און געהערט דעם פאַרטייטש
און געגעבן אַ זאָג:
יאָשקע! דו האָסט ניט קיין שכל!...
און דערנאָך זיך פּאַמעלעך די ברילן געווישט —
און גאָרניט פאַרריכט און אַוועק פונעם טיש...

הונדערט-און-צען

# אין פוילישן מיליטער

איינס, צוויי, דריי, פיר.
כ׳טראָג אַ זעלנערשן מונדיר —
און סערזשאַנטן, אָפיצערן
זאָגן, אַז איך וועל קראַפּירן...

כ׳לויף און פאַל
און פאַל און לויף,
וואו אַ בלאָטע נאָר אין הויף ;
עמיץ האָט אַזוי באַפוילן
צו באַהאַנדלען מיך, אין פוילן...

פּשיאַקרעוו *) איז אַן איידל וואָרט
און ס׳ווערט אויף אידן ניט געשפּאָרט ;
ס׳לערנט דער קאַפּראַל דיסציפּלין,
מיט פּשיאַקרעוו און מיט „סוקין-סין״...**)

פאַר אַ מינדסטן ווידערשטאַנד,
כ׳שטיי מיט פּנים צו דער וואַנט.
מיט דער ביקס און זאַק מיט שטיינער :
שטיי, דו זשידעק ! לייבוש שיינער !...

און ס׳זינגט די ראָטע אַזאַ ליד,
וואָס חוזק׳ט און וואָס צאַפּט דאָס בלוט...

---

*) הינטיש בלוט. **) הינטעכעס זון.

## ביי ל. מלאך אין הויז אַמאָל אין אַ שבת

ביי מלאכ׳ן אין הויז אַמאָל אין אַ שבת:
מ. ד. גיסער, יחזקאל און איך.
עס לייענט פאַר אונדז מלאך אַ נייע באַלאַדע;
און ס׳וויינען ביי אונדז די צעריסענע שיך...

אַ בילד אויפן וואַנט: מלאך — אוודאי.
און אונטן האָט קינסטלער פאַרצייכנט אַזוי:
„פרעגט מיך בחרם וואָס ס׳מיינט אַ באַלאַדע"...
און ס׳טרעפט, אַז מען איז אונדז מכבד מיט טיי...

ס׳איז מלאך אַ שרייבער באַקאַנט שוין אין וואַרשע
און אויך אַ רעדאַקטאָר פון „ראַדאָמער בלאַט".
און ס׳טרעפט, אַז מען איז אונדז מכבד מיט קאַרשן —
און כ׳שעם זיך צו עסן און ענטפער: כ׳בין זאַט!...

און שעמעוודיק שלעפּ איך פון קעשענע לידער
און מלאך וויל, דווקא, כ׳זאָל שרייבן הומאָר.
אויב ניט, זאָל איך געבן סאַטירישע לידער,
אויב ניט, זאָל איך שרייבן פון שתדלן אין שטאָט..

שרייב איך הומאָר און יום־טוב ראָמאַנסן —
איז מלאך צופרידן און דרוקט זיי אין בלאַט.
און ס׳ווילט זיך פאַר פרייד אַזש אַ נעם טאָן זיך טאַנצן —
און כ׳זאָג זיך אַליין, אַז איך בין שוין אַ כוואַט...

הונדערט־און־צוועלף

# אַ פּסח-ראָמאַנס...

האָסט באַצויבערט מיך, מיין מיידל,
דיינע אויגן זיינען שוואַרץ.
כ׳האָב דיך ליבער פון אַ קניידל,
ווי דעם מרור פון מיין האַרץ...

כ׳האָב דיך ליבער פון די חרוסת,
פון אַ מצה-טאַש, אַ הוילן —
ווי די טיי אויף ארבע-כוסות,
וואָס מען נוצט ביי אונדז אין פוילן...

האָסט באַצוואונגען מיין נשמה,
ווי אַ מלך זיין מדינה.
כ׳האָב דיך ליבער, מיין נחמה,
ווי פון פיעטרישקע דאָס גרינע...

כ׳וואָלט מיין קרוין דיר אָפּגעגעבן
און געווען ווי אין גן-עדן —
ווען דו וואָלסט נאָר וועלן לעבן
אין די דורות פון מיין זיידן...

## איך גיי אין וועג...

מיך טרייבט אַ קראַפט, אַ שטאַרקע קראַפט,
מיך רופט צו זיך די מאַמע־ערד.
ס'איז אין שוים ביי איר די מאַכט
און איינגעשמידט אין סערפּ אַ שווערד...

איך גיי מיט קראַפט און גיי מיט מאַכט,
איך בין דער מאָרגנדיקער העלד!
איך גיי אין וועג צו זונען־פּראַכט —
און האַמער אוים אַ נייע וועלט...

שאַ! איך גיי אין גלויבנס פיבער,
איך טראָג מיט שטאָלץ די דאַרע הענט —
איך שפּרייז דעם ברייטן ים אַריבער,
ווייל מיין יוגנט־ווילן ברענט...

מעגן בייזע ווינטן בלאָזן
און פּייניקן מיין גוף און גייסט —
איך ריים פון פעלד די ווילדע גראָזן
און זוך אין מזרח־ברען אַ טרייסט...

---

„פרייע יוגנט", וואַרשע, אָקטאָבער 1925.

# רעוויזיעס און אַרעסטן

מיט קלאַפּנדיקע, שרעקנדיקע הערצער
שלייכן אײנגלעך זיך אַדורך די גאַס,
עס ווערט די מאַכט אַלץ גרויזאַמער און שוואַרצער —
געהיים־אַגענטן טשאַטעווען אין גאַס.

יעדע נאַכט רעוויזיעס און אַרעסטן;
און יעדן טאָג אַן אַנדערער פּראָצעס.
זיי פאַרשלעפּן די שענסטע און די בעסטע —
מען ווערט באַפרייט, אַמאָל, ווי דורך אַ נס...

עס ווערן טראַציקער און מוטיקער די קעמפער,
ווען ס׳פירט אַ וואַך זיי אָפּ צום קרימינאַל.
און ס׳הערט די גאַס דעם זינגענדיקן ענטפער:
עס איז ס׳געזאַנג פון „אינטערנאַציאָנאַל״.

און ס׳הערט די גאַס באַפרייערישע לידער —
כאָטש זינגער טראָגן קייטן אויף די הענט.
און יעדן טאָג עס הערט די גאַס זיי ווידער
דורך גראַטנדיקע פענצטער אין די ווענט...

— — — — — — — — — — — — — —

מיט קלאַפּנדיקע, שרעקנדיקע הערצער
שלייכן אײנגלעך זיך אַדורך די גאַס.
עס ווערט די מאַכט אַלץ גרויזאַמער און שוואַרצער —
און טראַציקער און קעמפערישער מיין קלאַס!

הונדערט־און־פופצן

# איך ווער אַרעסטירט

אינמיטן נאַכט: פּאָליציאַנטן קלאַפּן אָן אין טיר,
איך עפן אויף — און דאַרף זיך שטעלן ביי דער וואַנט.
אַ געהיים-אַגענט באַווייזט מיר אַ פּאַפּיר,
איך לייען: רעוויזיע, אַרעסטיר!
מיין פּנים, זאָגט ער, איז אים שוין באַקאַנט...

זיי זוכן אין די שופלאַדן, אין שענקלעך
און קערן איבער מיט די פיס אַרויף דעם טיש;
און ס'שטייט מיין מאַמע ציטערדיק און קרענקלעך,
ווי ס'וואָלט דאָס לעבן זיך אין איר פאַרווישט...

און שווער איז מיר צו טרעפן זיך מיט מאַמעס בליק —
און שווער איז מיר איר ציטערדיק געוויין.
איך שעפּטשע: מאַמע, שרעק זיך ניט,
כ'וועל אפשר זיין צוריק נאָך היינט.

און ס'פירן איבער גאַסן מיך די פּאָליציאַנטן;
פון הייזער און פון הויפן קומען טריט,
מע פירט אַרוים נאָך פּנימ'ער באַקאַנטע —
און קיינער ווייסט ניט אין וויפיל יאָר אַרום
מ'עט זיין צוריק!...

הונדערט-און-זעכצן

# אין טורמע

גרויע ווענט, אַ פענצטערל אַ קליינס
קוביש דורכגעקרייצט מיט שוואַרצע קראַטן;
און גוט איז מיר, וואָס כ'זיץ דאָ ניט אַליין —
מיר זיינען אין איין קאַמער פערצן יאַטן...

און יעדן טאָג, אַ חברישער שמועס.
און יעדן טאָג, אַ היציקע דעבאַטע.
נאָר קיינער טראָגט אויף קיינעם קיין פאַרדרוס —
ווי פערצן ברידער לעבן פערצן יאַטן...

אין יעדער קאַמער איז דאָ איינגעשטעלט אַ ראַט —
מיר לעבן חבריש, מיר לעבן אין קאָמונע.
אַ פרייד, ווען ס'קומט אַ פעקל פונעם „פאַטראָנאַט"
און יעדער קריגט זיין חלק פון מתנה.

מע רעדט זיך דורך מיט קלעפּ דורך דיקער וואַנט,
און ביי דער טיר אַ חבר שטייט אויף שמירה —
און אַלע טורמע־דרכים ווערן אונדז באַקאַנט;
מיר פאָדערן אַ שעה אין טאָג שפּאַצירן.

עס הויבט זיך אויף אַ וואונדיקער געשריי,
ווען ס'ווערט אַ חבר אָפּגעפירט אין קאַרצער.
און טורמע־וועכטער דראָען אונדז מיט בליי —
און ס'ווערט די מאַכט אַלץ גרויזאַמער און שוואַרצער...

# הונגער-סטרייק

פאַראוים באַשטימט צו דער מינוט
און אַלע זיינען גרייט:
אין אַלע טורמע-טירן קלאַפּט דער מוט,
ס'איז הונגער-סטרייק!

און וועכטער לויפן בייזע, ווי צעדולט —
און ס'קלינגט דער וויי אין הילכיקן געזאַנג;
די פאַר'משפט'ע — אין ליידן שוין געשולט —
גיבן איבער צום נאַטשאַלניק דעם פאַרלאַנג:

בעסער עסן, אַ שעה אין טאָג שפּאַציר,
זעאונגען, שרייב-געצייג און ביכער.
און דער נאַטשאַלניק, אין דורכגאַנג פון דער טיר,
ציטערט אויף פון בלוטיקער רציחה...

און ס'גייט אַוועק אַ טאָג און צוויי און דריי,
אין יעדער קאַמער האָט שוין עמיצער גע'חלש'ט.
און ס'ציען זיך די שעה'ען ווי פון קליי —
און ווער עס פילט, אַז אַט וועט ער שוין פאַלן...

און דער נאַטשאַלניק קומט און גייט אַוועק
און עפּעס רעדט ער, בלעבלט פון רחמנות...
אין רציחה האָט באַהאַלטן זיך אַ שרעק —
מע הערט, ער פרעגט — און קיינער ענטפערט גאָרניט.

הונדערט-און-אַכצן

עפּעם האָט ער מורא פאַר סקאַנדאַל —
עפּעם האָט דערגרייכט שוין צו דער פּרעסע ;
פונדרויסן טראָגט זיך אַ געוואַלט,
מאַמעס וואַרטן דאָרט מיט טעפּלעך עסן...

פּערטער טאָג. עס קומט דער פּראָקוראָר,
ס'קומט נאַטשאַלניק מיט אַ גאַנצער סוויטע —
און ווערטער קלינגען אַנדערש איצט און קלאָר —
און ווערטער קלינגען אַנדערש איצט און גוטע...

ער וועט אַרויסלאָזן אויף קויציע און פּאַראָל —
און וועט שוין זען ווער עס איז ניט שולדיק.
און אַלע ווערן גוטע, מיטאַמאָל, —
און אַלע בעטן זיך צו זיין געדולדיק...

ס'האָט יענער טאָג געענדיקט אונדזער סטרייק,
ס'איז שווער געווען אַ בימן דורכצושלינגען ;
און ס'האָט דערנאָך, אויף לאַנג, אין האַרץ אַ פרייד
שטילערהייט אין זיך געזונגען...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ראַדאָם, יוגנט ! אָפּגאַנג פון די טעג.
טרויער, פרייד און בענקונג...

# ס׳איז טרויעריק, ברודער, טרויעריק אין שטעטל...

(פון אַ בריוו פון פוילן)

ס׳איז טרויעריק, ברודער, טרויעריק אין שטעטל,
מע הערט ניט מער דעם אידישן האַרמידער ;
עס רוישן נאָר, עס טומלען נאָר „ענדעקעס״
מיט „סוואַי־דאַ־סוועגאַ״ ! קויפט ניט ביי די אידן !

ווערט אין שטעטל טרויעריקער די לאַגע,
מיר דרייען זיך, ווי לעבעדיקע טויטע —
אויף יעדנס ליפּן הענגט אַ ווייטיקדיקע פראַגע :
וואו נעמט מען פאַרן הויזגעזינט אַ ברויטל ?

עס שרעקט דערצו די מורא פאַר פּאָגראָמען —
און פּזשיטיק, ווייסטו, איז אַ שטאָט מיט גאָלע אידן.
איז וואו באַהאַלט מען זיך פאַר העצערישע שטראָמען ?
זיי קומען שוין מיט „פּאַלקעס״ אויף יאַרידן...

מיט גראָבע „פּאַלקעס״ און מיט פּעפּער־שטעקנס,
מיט פורן ליידיקע, גרייטע צו ראַבירן.
די שרעק אַליין קען ס׳לעבן דאָ דערעקן,
כאָטש ס׳איז ביי מיר ניטאָ וואָס צו ראַבירן...

הונדערט־און־צוואַנציק

כ׳בין קיין נגיד קיינמאָל ניט געווען,
געאַרבעט און פאַרקויפט אַ שטיקל לעדער.
נאָר צו אַרבעט און צום שוסטערישן האַנדל
האָב איך נאָך צוגעדונגען זומער-צייט אַ סעדל.

האָב איך אויסגעשלאָגן שווער דאָס שטיקל ברויט,
אַמאָל אַ שטיקל קאָפּ-פּלייש איינדערוואָכן.
איצט הענגט אין הויז אַ ביטערע די נויט;
ס׳וואָלט לאַנג שוין צייט געווען, אַז נויט זאָל זיך צעקאָכן...

כ׳וואָלט נאָך געוואָלט, כ׳וואָלט נאָך געוואָלט דיר שרייבן,
פון פערד געשפּאַנטע, נאַשפּיץ, אין קאַרעטעס...
נאָר צופיל, ברודער, טאָר מען דאָ ניט שרייבן —
עס קען אַ בריוו פאַרבלאָנדזשען צו די שפּיקעס...

# ראַדאָם, שטאָט פון מיין געבורט!

**ס׳ווײנט** צו מיר מיין שטאָט,
ס׳שרייט צו מיר די היים פון מיין געבורט,
און יעדעס הויז, און יעדער שטיין פון ברוק —
ווײנט צו מיר מיט אידיש בלוט!...

ס׳איז אידן־ריין מיין שטאָט —
האָב איך אין צייטונגען דערזען.
ערשט נעכטן בין איך דאָרט געווען — אין מיין געדאַנק.
געשלייכט זיך אין די געסלעך,
הינטער געטאָ־ווענט
און צוגעקוקט זיך צו דער גרויסער קלאָג, —
און זיך געשעמט, וואָס כ׳טראָג דעם נאָמען
מענטש...

עס וואָלט אַ חיה אינעם וואַלד זיך אויך געשעמט...
עס וואָלט געשעמט זיך אַ שאַקאַל —
אַז ביטערער, נאָך ביטערער פון גאַל,
געווען איז דאָרט דער פאַסטנדיקער טאָג.

איצט האָט אַ צייטונג מיר מיט שוואַרצע אותיות געזאָגט,
איצט האָט אַ צייטונג מיר מיט ווערטער בלוטיקע דערציילט:
ס׳איז אידן־ריין דיין שטאָט!
ס׳האָט תליון דיינע שוועסטער שוין פאַריאָגט,
און דיינע ברידער האָט אַ מערדערשע האַנט צעשלאָגן
און צעבלוטיקט און צעביילט!

הונדערט-צוויי-און-צוואַנציק

און ווער ס'האָט אויסגעהויכט דעם אָטעם נאָך אין שטאָט,
און ווער ס'איז שווער געפֿאַלן אויפֿן וועג,
האָט מיין ציימונג ניט דערציילט.
איך האָב אַליין געוואוסט, אַז גרויליק זיינען דאָרט געווען
די טעג...

צי לעבט מיין מאַמע נאָך,
האָב איך זיך שטילערהייט געפֿרעגט.
צי לעבט מיין שוועסטער,
צי לעבט מיין שוועסטער-קינד?
צי שטייט אויף טאַטנס קבר נאָך אַ גאַנצע
די מצבֿה?
צי האָבן הענקער-הענט דאָס בית-הקבֿרות
אויך געשענדט?
עס שווייגט די ציימונג, ווי ס'שווייגן אינעם הויז ביי מיר
די ווענט...

עס וואָלט אַ חיה אינעם וואַלד זיך אויך געשעמט...
נאָר נאַצי שעמט זיך ניט.
ער טויט און שענדט!
ער שעכט און ברענט!
פֿאַרשאָלטן זאָלן זיין דעם תּליונ'ס הענט!
פֿאַרוויסט זאָל זיין זיין מערדערישער טראָט!
און אויב עס איז פֿאַראַן ערגעץ אַ גאָט,
פֿאַרוואָס-זשע שווייגט ער איצט?
פֿאַרוואָס-זשע שיקט ער ניט זיין דונער און זיין בליץ
צום מערדערס טריט?

פאַרוואָס-זשע קומט עס איצט דעם איד אַזוי פיל שאַנד?

ס'איז אידן-ריין די שטאָט פון מיין געבורט,
נאָר נאָך ניט מענטשן-ריין מיין לאַנד...
און סוף כל סוף וועט פייערדיקער בראַנד, —
וועט מענטשן-האַנט זיי אָפּצאָלן די שטראָף...

ס'איז אידן-ריין די שטאָט פון מיין געבורט,
נאָר נאָך ניט מענטשן-ריין די וועלט!...

# מיין ליד

כ׳ריים אוים — אין נאכט — דאָס פייער פון מיין האַרץ,
און ריים אַרוים דעם שלאָף פון מיינע גלידער ;
איך גראָב מיין וואָרט, ווי רויען אייזן-אַרץ,
און פורעם עס אין פערזן און אין לידער.

איך שרייב מיין ליד מיט האַרעפּאַשנע הענט
און זע דעם טאָג — אין שאָפּ — פאַר מיינע אויגן :
עס זשומט מיין ניי-מאַשין, די אַרבעט ברענט —
און ס׳איז מיין קאָפּ צום פיסל-שטאַנג געבויגן.

איך צערטל ניט און צאַצקע ניט דעם גראַם,
און שעם זיך ניט אַ וואָרף צו טאָן אַ קללה ;
עס ברענט אין מיר מיין ליידנדיקער שטאַם —
און ס׳איז מיין שטאַם, מיין דיכטערישע שולע...

ניט אויף שפּיל — און ניט אויף צייט-פאַרטרייב,
האָט זיך מיין פען היינט אימפּעטיק צעלאָזן.
ס׳איז בלוט, וואָס שטראָמט אַרום ביי מיר אין לייב !
ס׳איז פייער, וואָס מיין אָטעם האָט צעבלאָזן !...

א, טראָג זיך, ליד, מיט מיר אין וועלט אַריין !
רוף און וועק פון שלאָף אויף מיינע ברידער !
און ווען דער חושך וועט פון וועלט פאַרגיין —
אַנדערש וועל איך זינגען מיינע לידער...

# אינהאַלט:

ערשטער אָפּטייל

## מײַן לאַנד איז אין קריג



צווייטער אָפּטייל

## מײַן ברודער־לאַנד



הונדערט־זעקס־און־צוואַנציק

## דריטער אָפּטייל

# אַמאָל איז געווען . . .



## פערטער אָפּטייל

# צווישן צוויי היימען

## קובאַ־לאַנד



## פינפטער אָפּטייל

# קליין און גרויס

זעקסטער אפטייל

# אין אַ פּוילישער שטאָט

פראַגמענטן פון אַן אויטאָביאָגראַפיע
און אַנדערע לידער



הונדערט-אַכט-און-צוואַנציק